אקטאוו מירבא.



# געשעפט איז געשעפט.

קאָמעדיע אין דריי אַקטען.

---

איבערזעצט פֿון א. פרומקין.

---

ארויסגעגעבען פֿון

ל. פֿרידמאַן, 81 בערוויק סטריט, וועסט.

לאנדאן, 1908.

„ארבייטער פֿריינד" דרוקעריי, 163 דזשובילי סטריט, איסט.

## פערזאנען:

איזידאר לעשא, צייטונגס-דירעקטאָר, געשעפֿטסמאַן, 57 יאָהר.

מאדאם לעשא, זיין פֿרוי, 57 יאָהר.

זשערמען, זייער טאָכטער, 25 יאָהר.

קסאוויע, זייער זוהן, 21 יאָהר.

דער מארקיז פוּן פארסעלע, 60 יאָחר.

לוּסיען גארא, כעמיקער, 30 יאָהר.

פינק, עלעקטרישער אינזשעניער, 35 יאָהר.

גרוּג, עלעקטרישער אינשעניער, 35 יאָהר.

אוּנטער־גראף פאנטענעל, אויפֿזעהער פֿון׳ם פאלאַץ „וואָפערדי", 64 יאָהר.

דער גערטנער.

דער פריעדענס־ריכטער.

דער דאקטאר.

דער קאפיטאן.

דער לעהרער.

דער גערטנער־יוּנג.

די פרוי פוּן דעם פריעדענס־ריכטער.

דעם דאקטאר׳ס פרוי.

דעם לעהרער׳ס פרוי.

---

די דריי אַקטען שפּיעלען זיך אָב אין „וואָפערדי", אַ היסטאָרישער שלאָס, איזידאָר לעשאַ׳ס אייגענטהום.

---

צייט: די געגענוואַרט.

# ערשטער אקט.

די ביהנע שטעלט פֿאָר די גערטנער פֿון דעם פּאַלאַץ „וואָפּערדי".

רעכטס אַ גרויסאַרטיגער טרעפּען-אַרויפֿגאַנג, בעפּוצט מיט בעגילדטע פּאַ-קעל-טרעגער; די טרעפּ פֿיהרען צום פּאַלאַץ, וועלכען מען זעהט ניט, נאָר מען שטעלט זיך איהם פֿאָר הינטער דער סצענע. אונטען ביים טרעפּען-אַרויפֿגאַנג איז פֿון איין זייט פֿאַרהאַן אַ געדיכטער רויזען-שטאָק און פֿון דער אַנדער זייט אַ גרופּע פֿון בלומען-ביימלאַך. לינקס און אין הינטערגרונד ליגט דער פּארק, אַ געוואַלדיג גרויסער פֿראַנצויזישער פּארק, וואָס פֿערנעהמט דאָס אויג מיט זיינע בליהענדע גראָז-פּלעצער, זיינע וואַסערן, זיינע טעראַסען און באַלוסטראַדעס פֿון מאַרמאָר... ווייטער לינקס, אין שאָטען פֿון אַ גרויסען בוים, הויבט זיך אויף אַ זייל, און אויף'ן שפּיץ פֿון דעם דאָזיגען זייל זיצט אַ פּאַון פֿון גרינליכען מאַרמאָר. פֿון וויטען זעהט מען די ברייטע וועגען, בעדעקט מיט שטויב און בעגאָסען מיט שטראַהלען פֿון דער זונן. נאָך ווייטער זעהט מען אויך די פֿעלדער, די וועלדער... אַ גלענצענדע דעקאָראַציע.

אַז דער פֿאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זיצט מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ, איינגעהילט אין שפּיצען, אויף אַ גרויסען שטרויענעם פֿאָטעל, אָנגעשטאָפּט מיט קישענס... זי טראָגט גרויסע קיילעכדיגע שפּאַקולען אויף די אויגען. זי זיצט און שטריקט... לעבען איהר שטעהט אַ טיש, אויף וועלכען עס געפֿינט זיך אַ קערבעל מיט איהר העקעל-ווערק... אַ דיקע פֿרוי, מיט אַ וווייסליכען, פֿראַסטען פּנים, זעהר רייך פֿערפּוצט. לינקס צו איהר ליגט איהר טאָכטער ז ש ע ר מ ע ן אויסגע-צויגען אויף אַ לאַנגען לעהן-שטוהל, מיט אַן אָפֿענעם בוך אויף די קניע... זי איז פֿערטראַכט, קוקט אַריבער די גערטנער אַרום צו די פֿעלדער... פֿינף און צוואַנציג יאָהר אַלט, מיט אַ צאַרטען קערפּער, אומעטיגע און ליידענ-שאַפֿטליכע אויגען, זעהר שעהן, גאַנץ איינפֿאַך אָנגעטהאָן...

דאָ און דאָרט, גאָרטען-טישלעך און שטוהלען...

אַ שעהנער סעפּטעמבער-טאָג פֿאָר נאַכט.

## ערשטע סצענע.

### מאַדאַם לעשאַ, זשערמען, דערנאָך

### אַ קאַמער־דיענער.

מאַדאַם לעשאַ (ניט אויפהויבענדיג די אויגען פון איהר אַר־בייט). זשערמען!...

זשערמען. נו?...

מאַדאַם לעשאַ. פאַרוואָס רעדסט דו גאָרניט?...

זשערמען. מסתמא האָב איך דאָך גאָרנישט וואָס צו זאָגען.

מאַדאַם לעשאַ. גענוג דיר שוין לייענען...

זשערמען. איך לייען ניט.

מאַדאַם לעשאַ. דו חלום'סט?

זשערמען. איך חלום ניט...

מאַדאַם לעשאַ. נאַ... וואָס זשע דען טהוסט דו?...

זשערמען. גאָרנישט... איך לאַנגווייל זיך...

מאַדאַם לעשאַ (ציהענדיג מיט די אַקסלען). יאָ... יאָ... איך וויים וואָס דאָס הייסט... נאַ... הער מיך אוים... דאָס וועט דיך אַביסעל צושטרייען... וויפיעל איז דער זייגער?

זשערמען. זעקס...

מאַדאַם לעשאַ. זעקס אַזייגער... שוין... ווי די צייט לויפט דאָס אַביסעל!... (אַ קאַמער-דיענער קומט אַרויס פון הויף, געהט אַראָב די טרעפ, טראָגענדיג אַ דעפעשע אויף אַ טאַץ.) וואָס איז דאָס אַזוינס?

קאַמער־דיענער. אַ דעפעשע, מאַדאַם.

מאַדאַם לעשאַ (הערט אויף העקלען). אַ דעפעשע... ווער קען דאָס מיר שיקען אַ דעפעשע?... (צומישט.) ס'אַ מאָדנע זאַך... איך קען ניט קריגען קיין דעפעשע, עס זאָל מיר ניט געבען עפּעס אַ שטאָך אין האַרצען... (זי נעהמט די טעלעגראַמע, עפענט זי אויף; דער דיענער וויל אַוועקגעהן.) וואַרט אוים!... (בעקוקט די דעפעשע.)

פֿון אָסטענד... ס׳איז פֿון דיין ברודער... (לייענט.) „כ׳קום מאָרגען קיין וואָפּערדי צו מיטאָג... קסאַוויע...״ (צום קאַמער-דיענער.) וואָס טהוט איהר דאָרט, איהר? איהר קענט געהן... (דער קאַמער-דיענער אָב.) מאָרגען... דער טאָג פֿון רייסעס... קסאַוויע?... (זי דרעהט אום די דעפּעשע עטליכע מאָל אין איהרע הענד, פֿערקנייטשט דעם שטערן.) דאָס איז עפּעס ניט גלאַט. (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.) דאָ איז שוין ווידער פֿאַרהאַן עפּעס ניט קיין גוטע זאַך... (פּויזע.) על כל פּנים... ס׳איז ניט די ליעבע, וואָס טרייבט איהם אַהער... און איך קען וועטען, אַז ער האָט ניט בעצאָהלט פֿאַר דער דעפּעשע... (זי קוקט אַריין אין דער טעלעגראַמע.) וואָס דען!... כ׳האָב עס דאָך פֿריהער געוואוסט... (אַ וואָרף טהאָנדיג די דעפּעשע אויף׳ן טיש מיט אַ זיפֿץ.) מילא נו!... (נעהמט צוריק איהר העקעל-אַרבייט.) וויפֿיעל איז דער זייגער?

ז ש ע ר מ ע ן. איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט... זעקס...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. אַה! יאָ... ווי די צייט פֿליהט!... און דיין פֿאָטער?... איך בין זעהר אונרוהיג... מיט זיין שגעון איינצולאַדען יעדען איינעם, וואָס ער בעגעגענט נור... אַ וואונדער וואָס ער וועט אונז היינט מיטברייגנען מיט זיך פֿון פּאַריז!... דו ווייסט עס, דו?...

ז ש ע ר מ ע ן. ווי אַזוי ווילסט דו איך זאָל עס וויסען?

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. ער האָט עס דאָך דיר געקענט זאָגען...

ז ש ע ר מ ע ן. איך האָב איהם גאָרניט געזעהן היינט אין דער פֿריה... און אויסערדעם... מיין פֿאָטער זאָגט מיר קיינמאָל גאָרנישט...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. נו אַודאי!... אַז דו בעגעגענסט איהם כסדר מיט אַן אָנגע׳ברוגז׳טען פּנים...

ז ש ע ר מ ע ן. און אַחוץ דעם... צי ווייסט ער דען ניין אַזייגער אין דערפֿריה וואָס ער וועט טהאָן זעקס אַזייגער אין אָבענד?

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. דאָס... זעהסט דו... איז אמת... אָט אַזוי איז ער... (אַ קורצעס שטיל-שווייגען.) רעדאַקטאָרען און מיט-

ארבייטער פֿון זיין צייטונג... נו, מיט זיי איז ניטאָ וואָס זיך צו זשענירען... נאָר פֿינף אָדער זעקס פערזאָן ווי יענעם טאָג?... אַז ער הויבט אָן איינלאַדען, ווייסט ער דאָך גאָר ניט וואו זיך אָבצושטעלען... און כסדר מענשען, וואָס מען קען ניט... און דאָ איז שבת... ס'הייסט, מאָרגען איז זונטאָג... וועט מען דאָך אַודאי אט די אַלע פערזאָנען דאַרפֿען געבען נאַכט-לעגער און נאַכט-העמדער... ווי יענע וואָך... אַה! וואָס פֿאַר אַן עסק דאָס איז!... (זי זיפֿצט אָב טיעף.) דערצו האָבען מיר נאָך אַ גאַנץ קליינע מאָהלצייט... היינט אָבענד... דעם רעשט פֿון נעכטען, ניט מעהר... כ'האָב מורא, ס'זאָל ניט זיין אַביסעל צו ווייניג... (אויף אַ בעוועגונג פֿון זשערמען.) יאָ, יאָ... לאַך זיך אויס פֿון די אַלע שטוב-זאַכען... אַה! דו טהוסט גוט וואָס דו האָסט ניט חתונה... אַ שעהנע בעל הבית'ישקייט וואָלסט דו געפֿיהרט... איך וואָלט דיר ניט געגעבען קיין צוויי יאָהר צייט, ביז וואַנען דו וואָלסט אין גאַנצען רואינירט געוואָרען... (זשערמען לאַכט און ציהט זיך אויס אויף דעם לאַנגען לעהן-שטוהל.) איך וויים ניט פֿאַרוואָס דו לאַכסט... ס'איז דאָ גאָרנישט פֿאַרהאַן פֿון וואָס צו לאַכען, בנאמנות...

זשערמען. ווילסט איך זאָל וויינען?... (מאַכט זיך צורעכט די האָר דאָרט, וואו דאָס קעמעל האָט זיך אַראָבגעגליטשט.) מיר ווילט זיך בעסער לאַכען...

מאַדאַם לעשאַ. מען קען ניטריידען קיין צוויי מינוט ערנסט מיט דיר... (אַ קליינע פויזע.) וואָס זשע, ס'איז אפשר ניט אונאַנגענעהם, וואָס דיין פֿאָטער זאָגט מיר קיינמאָל אַפֿריהער ניט אָן... ווען ער ברייגנט אימיצען מיט זיך?... עס וואָלט דאָך געווען אַזוי איינפֿאַך צו טעלעפֿאָנירען... נאָר, ניין... (טהוט נאָך אַמאָל אַ זיפֿץ.) פֿונדעסטוועגען... האָב איך בדעה צו קוילען אַ הוהן... ווי מיינסט דו?...

זשערמען. וויבאַלד דו ווייסט, אַז דער פֿאָטער ברייגנט תמיד אימיצען מיט זיך... וואָלט דאָך געווען דאָס איינפֿאַכסטע צו האָבען שטענדיג אַ פֿאַרטיגע מאָהלצייט אין זאַפּאַס...

(ריידענדיג, האָט זי זיך אין גאַנצען אויפֿגעהויבען און זי געהט אַרום איבער דער לייננ פֿין די רויזען-בוימלאַך מיט א מיענע פֿון לאַנגווייליגקייט.)

מאַדאַם לעשאַ. דו געפֿינסט זיך דיר אַ פּאַרטיגע עצה... דו!... מען זעהט גאַנץ גוט, אַז דו טראָגסט ניט אויף זיך דעם יאָך פֿון דער שטוב... און אַ שטייגער אַז ער ברייננט קיינעם ניט מיט זיך — נאָך אַלעמען, דאָס קען דאָך פּאַסירען — וועל איך, הייסט עס, בלייבען אויסגעשטעלט מיט מיין הוהן... ס'איז טאַקי גאַנץ פֿיין, אַז מען איז רייך... נאָר איך האָב נישט ליעב, אַז עסענוואַרג געהט אַוועק אין ניוועץ...

זשערמען. פֿאַרהאַן, הזכט זיך, הינט...

מאַדאַם לעשאַ. הימלישע גוטסקייט!...

זשערמען. פֿאַרהאַן אָרעמע לייט...

מאַדאַם לעשאַ. אָרעמע לייט?... אַה! פֿערשטעהט זיך... אָרעמע לייט... דאָס פֿעהלט ב"ה ניט דאָ... כ'האָב נאָך ניט געזעהן אַ לאַנד, וואו ס'זאָלען זיין אַזויפֿיעל אָרעמע לייט...

(זשערמען האָט זיך אָבגעשטעלט לעבען די רויזען-בוימלאַך, פֿון וואַנען זי פֿליקט אַראָב די פֿערוויאַנעטע בלומען.) ס'איז עקעלהאַפֿט...

זשערמען. אַז ס'איז ערגעץ-וואו פֿאַרהאַן אַ זעהר רייכער מאַן... איז מחמת דעם אַליין טאַקי דאָ אַרום איהם מענשען, וואָס זיינען זעהר אָרים...

מאַדאַם לעשאַ. ס'איז ניט אונזער שולד... און דאָס איז דאָך ניט קיין אורזאַך, אַז מען זאָל זיי קאָרמענען... מיט היהד-נער... אַז זיי וואָלטען געאַרבייט, וואָלטען זיי ניט געווען אַזוי אָרים...

זשערמען. אַז זיי וואָלטען געאַרבייט?... ביי וואָס?...

מאַדאַם לעשאַ. וואָס הייסט... ביי וואָס?...

זשערמען. מיר האָבען ביי זיי אַלעס צוגענומען... זייערע שטיקלאַך פֿעלד... זייערע הייזלאַך... זייערע קליינע גערטנער... בדי, ווי מיין פֿאָטער רופֿט עס, רונד צו מאַכען זיין שלאָס... די וואָס האָבען געקענט אַוועקגעהן, זיינען אַוועק...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. וואָס זשע, מיר האָבען זיי אפשר ניט בעצאָהלט דערפאַר?...

ז ש ע ר מ ע ן. און די וואָס זיינען געבליבען... (זי נעהמט אַראָב אַ וואָרים פון אַ רויזען-בוימעל און צוטרעט איהם מיט'ן שוך.) אָט וואָס!

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. דיין פאָטער וויל זיי געבען אַרבייט אויף'ן יאָהר... ווילען זיי ניט... זיי ווילען בעסער בעטלען... ס'איז זייער זאַך.

ז ש ע ר מ ע ן. מיין פאָטער באָט זיי אָן צו שטאַרבען פון הונגער אויף'ן יאָהר... זיי...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. (האַקט איהר איבער די רייד). אַה! נו, זאָל זיין גענוג!... איך האָב טאַקי אויך מעהר ניט וואָס צו טהאָן, נאָר זיך אַריינלאָזען אין אַ דיסקוסיאָן מיט דיר... וואָס האָסט דו געזאָגט?...

ז ש ע ר מ ע ן. גאָרנישט...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. ס'איז איינפאַך אונבעגרייפליך... איך ווייס ניט ווער עס האַקט דאָס דיר אַריין אָט די נאַרישע געדאַנקען אין קאָפּ... (מיט פעראַכטונג.) הערר לוסיען גאַראָ... מן הסתם?

ז ש ע ר מ ע ן. וואָס האָט הערר גאַראָ דערמיט צו טהאָן?

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. ווייס איך!... אַ מענש וואָס רעדט קיינמאָל ניט...

ז ש ע ר מ ע ן. אַז הערר גאַראָ רעדט קיינמאָל ניט... ווי אַזוי זשע קען ער מיר אַריינהאַקען די געדאַנקען אין קאָפּ?...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. איך ווייס וואָס איך זאָג... די וואָס ריידען קיינמאָל ניט... זאָגען אַסך מעהר, איידער די וואָס ריידען שטענדיג... איבעריגענס... ער געפעלט מיר עפּעס גאָרנישט... דיין מאָסיע גאַראָ...

ז ש ע ר מ ע ן. דיין?... פאַרוואָס עפּעס... דיין?...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. ווייס איך! איהר זייט שטענדיג צוזאַמען... און אַ יונג מיידעל ווי דו... די טאָכטער פון אַ מאַן, וואָס האָט אַ היסטאָרישען שלאָס ווי דער דאָ... מיט דיין פאָטער'ס אַן אָנגעשטעלטען... כמעט אַ משרת!...

ז ש ע ר מ ע ן. אָה! אַ משרת...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. כמעט... כ'האָב געזאָגט כמעט... צי איז ער מיט דיר אַ פּאָר?... ס'וואָלט אַסך גלייכער געווען פון איהם ער זאָל זיך אָבגעבען מיט אונזער דיסטילעריע און מיט זיינע שטאָפען צום מיסטיגען... אַה! איך ווייס ווירקליך ניט, וואו דיין פאָטער האָט איהם ערגעץ אויסגעזוכט, אָט דעם דאָ... אַ בעמיקער... אָט דאָס דאָ?... געה שוין געה!... זיינע בעמישע שטאָפען צום מיסטיגען? (זי שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.) דאָס מוז זיין אַ בעריהמטער בלאָף... אַז ער איז אַריבערגעקומען אַהער, האָט ער אפילו ניט געהאַט קיין העמד אויף'ן לייב... נאַ!... (אַ פּויזע. זשערמען קען ניט אויסהאַלטען פון אונגעדולד.) פון דער צענטראַל־שולע?... נו יאָ!... פון דער צענטראַל־טורמע — דאָס שוין גיבער...

ז ש ע ר מ ע ן. אַה, מאַמאַ... פאַרוואָס זיין אַזוי שלעכט?...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. איך בין ניט שלעכט... נאָר ס'איז דאָך אַלעם אמת... אַז איך דערמאָן זיך, אַז מען האָט פאַר אָט דעם תכשיט אויסגעבויט אַ גאַנצען פּאַוויליאָן... מיט אַ לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָט אונז אָבגעקאָסט די אויגען פון קאָפּ... און אַז שוין דריי חדשים, אַז איך קען זיך ניט דערבעטען ביי דיין פאָטער, מען זאָל פערריכטען די פרוכט־קאַמער... דאָס איז שוין אַביסעל צופיעל, ווייסט דו... (זי הערט אויף העקלען און טהוט אויס די ברילען.) וויפיעל איז דער זייגער?

ז ש ע ר מ ע ן. אַ פערטעל אויף זיבען...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. ווי די צייט פליהט דאָס אַביסעל!... דיין פאָטער וועט באַלד קומען... מיט ווענען? וויים דער טייוועל... נאָר... אויך די אייגענע מעשה... איך וועל ניט קוילען קיין הוהן... זיי וועלען שוין מוזען צורעכט קומען מיט דעם וואָס איז דאָ... זשערמען?

ז ש ע ר מ ע ן (גערייצט). וואָס איז שוין ווייטער?...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. ס'איז צייט דו זאָלסט אַרונטערגעהן אין קעלער... נאָך ווייַן...

זשערמען. איך האָב דיר שוין געזאָגט... אַז איך וועל מעהר ניט אַרונטערגעהן אין קעלער... דו האָסט משרתים...

מאַדאַם לעשאַ. משרתים, וועלכע בע׳גנב׳ענען מיך... יאָ. נעכטען ערשט... האָבען געפעהלט פינף פלעשער... אין דעם מיטעלסטען פאַך... און דאָס איז אַלע טאָג דיזעלבע זאַך... און ווי אַזוי קומען זיי צו... אַז איך האָב ביי מיר דעם שליסעל?

זשערמען. אַז דו וואָלסט געהאַט צו זיי מעהר צוטרוי... וואָלטען זיי דיך אפשר ווייניגער בע׳גנב׳עט... וואָס ווילסט דו זאָלען זיי טהאָן אין אַ שטוב, וואו זיי הערען קיינמאָל ניט ריידען פון קיין אַנדער זאַך, נאָר מכח דעם ווי אַזוי בעסער צו בעשווינדלען די מענשען? זיי רוהיג... זיי וועלען ביי דיר קיינמאָל ניט גנב׳ענען אַזויפיעל פלעשער וויין... ווי... פערזאָנען וואָס איך קען... האָבען... פערדיענט מיליאָנען...

מאַדאַם לעשאַ (מיט כעס). זשערמען!...

זשערמען. נאָך וואָס טויג דיר זיך ערגערן?... איך האָב דאָך געזאָגט... פערדיענט...

מאַדאַם לעשאַ. איך פערוועהר דיר אַזוי צו ריידען... זייט אַ שטיקעל צייט... האָסט דו אַזעלכע ווערטער... אַזעלכע געננג!... בנאמנות... איך וועל עס ניט אַריבערטראָגען...

זשערמען. איך טראָג פונדעסטוועגען אַלעס אַריבער... זינט איך בין אַלט גענוג צו פערשטעהן און צו פיהלען... טראָג איך אַריבער אַלץ וואָס מען זאָגט... וואָס מען טהוט דאָ... גאָט ווייסט, צי...

מאַדאַם לעשאַ (אָבהאַקענדיג מיט כעס). זיי שטיל!... דאָס איז אונערהערט... (זי שפּאַרט זיך אָן אָן טיש און לייגט אַריין אין קערבעל די וואָל, וואָס זי דריקט צונויף מיט צאָרן.) דאָס מיינסט דו דעם פאָטער דיינעם, ניט אַזוי?... (זשערמען שווייגט שטיל; נאָכדעם ווי זי פליקט אָב אַ רויז, געהט זי צוריק צו צום לעהן-שטול, זעצט זיך אַוועק און שמעקט די בלום). נאַ... לאָמיר ריידען וועגען איהם... איינמאָל פאַר אַלע מאָל...

זשערמען (מיט אַ מיענע פֿון לאַנגוויילינקייט.) אָה!... לאָז מיך צורוה, איך בעט דיך!...

מאַדאַם לעשאַ. יאָ... יאָ... איך וויל עס... דיין פֿאָטער האָט פֿעהלערן... גרויסע פֿעהלערן... איך בין די ערשטע, וואָס ליידט פֿון זיי און וואָס וואַרפֿט זיי איהם אויף... ער איז אַ בעריהמער... אַ פֿערשווענדער... אַן אונפֿערשעהמטער מענש... אַ פלוט... אַ ליגנער... יאָ, ער איז אַ ליגנער... און אַ משוגע'נער אויך צייטענווייז... דאָס איז מעגליך... ער האַלט אָפֿט קיין וואָרט נישט?... ער האָט ליעב מאַכען מענשען צו נאַרען?... ווי!... אין געשעפֿט?... אָבער דאָס איז אַן עהרליכער מאַן... דו פֿערשטעהסט?... אַן עהרליכער מאַן... און אפילו ווען ער וואָלט עס ניט געווען?... ווען דאָס זאָל אפילו זיין דער ערגסטער פֿון די ערגסטע... איז דאָס דיין דאגה?... דיין פֿאָטער איז דיין פֿאָטער... ניט דו דאַרפֿסט איבער איהם אורטהיילען...

זשערמען (קאַלט). ווער זשע דען?

מאַדאַם לעשא. וואָס זאָגסט דו?... (ווערט אַנישוויגען אַ ווײַלע.) יאָ... יאָ... ציה מיט די אַקסלען... (פויזע.) און זיי וויסען, אַז פֿאַר זיין פֿערמעגען האָט ער קיינעם נישט צו פֿערדאַנקען... קיינעם נישט... פֿערשטעהסט?... זיין פֿערמעגען... דאָס האָט ער זיך געמאַכט אַרבייטענדיג... ער האָט געהאַט מזל... די אומשטענדען זיינען איהם געקומען צו הילף... דאָס בין איך מודה... אָבער ער האָט דערצו געהאַט נאָך מעהר געשיקטקייט און קוראַזש... און אַז ער האָט צוויי מאָל אָנגעזעצט... האָט מען זיך דען מיט איהם ניט אויסגעגלייכט?... און אַז ער איז געזעסען אין טורמע... נאַ... איז וואָס?... האָט מען איהם דען ניט אַרויסגעלאָזט פֿריי?... אַה! ער האָט געהאַט שווערע, ביטערע צייטען, דער אָרעמער מענש... אַנדערע, מיט וויניגער ענערגיע, וואָלטען זיך גענומען דאָס לעבען... ער, ניט... ביי יעדער מפלה, האָט ער זיך פֿון דאָס ניי אויפֿגעהויבען צו פֿערדיענען מעהר... און אַרויפֿשטייגען העכער... ער האָט געגרינדעט אַ גרויסע צייטונג... ער, וואָס האָט קוים געקענט שרייבען... און דאַן... הער אויס... אַז

דיין פֿאָטער וואָלט טאַקי געווען אַ שורקע... ווי מיינסט דו... וואָלט ער געווען דער פֿריינד פֿון אַ מיניסטער?...

זשערמען (איראָניש). פֿון צוויי מיניסטאָרען...

מאַדאַם לעשאַ (קוקט אַ ווײַלע אָן איהר טאָכטער). פֿון צוויי מיניסטאָרען... גאַנץ ריכטיג... (מיט פֿייער.) און איך אויך... מיט מיין גלייבען שכל... מיט מיין שפּאָרזאַמקייט... מיט מיינע עצות... אויך איך האָב מיין חלק אין דעם שאַפֿען פֿון דעם דאָזיגען פֿער־מעגען, וואָס דו פֿערהאַסט אַזוי... און איך בין שטאָלץ דערמיט... וואָס זשע, איז דאָס דערפֿאַר וואָס מיר קומען אַרויס פֿון פֿאָלק... ער און איך?... איז דאָס דערפֿאַר ווייל מיר זיינען געווען אָרעמע לייט... וואָס מאַדמואַזעל שעהמט זיך היינט מיט אונז?... וואָס זאָגט מען פֿאָרט צו אָט דער קליינער נאַרישער בריאה... צו אָט דער גרויסהאַלטערקע... וואָס ערלויבט זיך צו קריטיקירען איהרע עלטערן!...

זשערמען. ס'איז אַסך גלייכער, איך זאָל זיי קריטיקירען...

מאַדאַם לעשאַ. ס'איז שווידערליך... דו ביסט אַ פֿער־דאָרבען מיידעל... אַז אימיצער זאָל הערען וואָס דו זאָגסט... וואָלט מען זיך שוין קיינמאָל ניט געטאָרט ווייזען פֿאַר די אויגען...

זשערמען. ס'קליידט דיר ווירקליך מיך אַזוי שטאַרק צו מוסר'ן פֿאַר זאַכען... וואָס דו אַליין טהוסט... אַלע טאָג...

מאַדאַם לעשאַ. איך?...

זשערמען. יאָ, דו... וואָרים דו בעקלאָגסט זיך דאָך חלילה קיינמאָל ניט אויף מיין פֿאָטער... נאָר דו שעהמסט זיך ניט פֿונאַנדערצולייגען פֿאַר אַלעמען, פֿאַר פֿרעמדע אפילו, דיינע קריוודעס און זיינע... פֿעהלערן... דו זעהסט, אַז איך געה ניט אַזוי ווייט.

מאַדאַם לעשאַ. איך... דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש...

זשערמען. נאַטירליך...

מאַדאַם לעשאַ. איך פֿערשטעה גאָר ניט... וואָס טהוט זיך היינט מיט דיר?... ס'פֿעהלט בלויז דו זאָלסט אויפֿרייצען די

דיענער פֿון הויז אונז צו בעראַבעווען... ס׳איז גרויסאַרטיג... ווילסט אַרונטערגעהן אין קעלער... יאָ צי ניין?...

זשערמען. ניין...

מאַדאַם לעשאַ. גוט... (זי הויבט זיך אויף.) וועל איך אַליין געהן... איך... מיט מיין רעמאַטיזם... (מיט אַ סטראַשענדען טאָן.) מיט מיין רעמאַטיזם... דו מרשעת איינע... (זי לאָזט זיך אַרויף אויף די טרעפּ, קוים וואָס זי געהט.) ס׳איז אונגלויבליך! אַה! ביסט גערעכט, דאַרפֿסט ניט חתונה האָבען... (בלייבט שטעהן, קעהרט זיך אום און בויגט זיך אָן איבער דער באַלוסטראַדע.) וואָס טהוסט דו דאָרט?... געה טהו זיך באָטש אָן... טאָמער קומט ווער עס איז... איך וויל ניט מען זאָל דיך זעהן אין אַזאַ מין הילוך... ביי מיין וואָרט... מען קען נאָך זאָגען, אז מען מאַכט דיר קיין קליידער ניט... (זשערמען שווייגט.) האָסט געהערט? האָסט פֿערשטאַנען?...

זשערמען. איך בין גאַנץ גוט אָנגעטהאָן, אַזוי ווי איך בין...

מאַדאַם לעשאַ (ציהט מיט די אַקסלען). איבעריגענס... ווי דו ווילסט זיך... אַז דיך אַרט ניט, וואָס מען וועט לאַכען פֿון דיר... ס׳איז אונגלויבליך!...

(זי געהט ווייטער איבער דער טעראַסע צום שלאָס צו.)

(זשערמען קוקט אין דער ווייטענס אויף די גערטנער, אויף די וועלדער, אויף דער אַרומיגער געגענד.)

פֿון לינקס קומט אַריין דער גערטנער, אָנגעטהאָן אין זיינע זונטאָג-קליידער.)

## צווייטע סצענע.

### זשערמען, דער גערטנער.

(אין זשערמען׳ס אָנוועזענהייט האָט דער גערטנער אַרונטערגענומען זיין הוט, וועלכען ער האַלט אין איין דרעהען לינקס צווישען זיינע פֿינגער. אַן אָבגעברענטער פּנים, דיקע ברווינע און פֿון דער אַרבייט צוקאָרטשעטע הענד, מיט אַ שרעקעדיגע מיענע און אַן אויסדרוק פֿון צומישטקייט.)

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר. מאַדמואַזעל זשערמען...

ז ש ע ר מ ע ן (איבערראַשט פֿון דעם גערטנער׳ס הילוך). ווי שעהן איהר זייט דאָס אַביסעל!... אָט אַפּנים איהר געהט אויף אַ חתונה, מיין גוטער זשול?...

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר. אַ חתונה... אַה! מאַדמואַזעל זשערמען...

ז ש ע ר מ ע ן. ווירקליך!... פֿאַרוואָס אַזאַ טרויעריגען פּנים... אַזאַ צוטראָגענקייט?... וואָס זשע... שוין ווידער עפּעס נייעס?...

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר. אַלזאָ?... מאַדמואַזעל ווייסט ניט?...

ז ש ע ר מ ע ן. ניין, ניין... איך ווייס ניט...

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר. אָט דאָס איז דאָס... איך האָב זיך טאַקי געטראַכט... ס׳איז גאָרנישט נאַטירליך וואָס איך האָב ניט געזעהן מאַדמואַזעל זשערמען היינט... אין גאָרטען.

ז ש ע ר מ ע ן. פֿאַרוואָס עפּעס... היינט?...

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר. ווייל... מיט אייער ערלויבעניש, מאַד־מואַזעל זשערמען... ס׳טהוט מיר לייד דאָס אייך מיטצוטהיילען... איך בין אייך געקומען זאָגען אַדיע...

ז ש ע ר מ ע ן. אַדיע?... וואָס הייסט דאָס אַזוינס?...

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר (דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען צו דער ערד און קוים וואָס ער שטעהט אויף די פֿים). איך האָב דעם בעל הבית גע־געבען... „מיינע אַכט טאָג"*)... היינט אין דערפֿריה...

ז ש ע ר מ ע ן. איהר?

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר. יאָ, מאַדמואַזעל...

ז ש ע ר מ ע ן. ס׳איז ניט מעגליך...

ד ע ר ג ע ר ט נ ע ר. אַזוי איז דאָס, מאַדמואַזעל... אַזוי איז דאָס... ס׳האָט געמוזט קומען... אַה! כ׳האָב געהאַט גענוג עגמת נפש דערפֿון...

ז ש ע ר מ ע ן. וואָס זשע, איהר געפֿינט זיך, הייסט עס, ניט מעהר בעקוועם דאָ?

---

*) „געבען די אַכט טאָג" הייסט אויף פֿראַנצויזש ק י נ ד י ג ע ן, געבען נאָטיס, אַז מען פֿערלאָזט אָדער מען מוז פֿערלאָזען אַ פּלאַץ.

דער גערטנער (צוטראָגנען). ס'איז ניט דאָס... ס'איז ניט דאָס... (אַביסעל לעבעדיגער.) איך בין געווען געצוואונגען... אָט וואָס!...

זשערמען, פֿאַרוואָס פֿאָרט?...

דער גערטנער. ס'איז ניט מעגליך אויסצוקומען מיט'ן בעל הבית... דער בעל הבית זוכט אייך אויס פֿון אונטער דער ערד אַלערליי פּריטשעפּקעס... איז דער גאָרטען פֿון גרינוואַרג רעכטס... נאַ, פֿערוועלט זיך דעם בעל הבית, ער זאָל דוקא זיין לינקס... איז ער לינקס... איז ווידער שלעכט... ער מוז זיין רעכטס... דאָס איז קיין אַרבייט נישט... און אַחוץ דעם האָט דער בעל הבית מאָדנע איינפֿעלע!... אַ לאַנגע צייט האָב איך גאָרנישט געזאָגט... כ'האָב עס געהאַלטען אין זיך... וואָרים... ס'איז מיר שווער געווען צו פֿערלאָזען מאַדמואַזעל, וועלכע איז פֿון תמיד אָן געווען אַזוי פֿריינדליך צו מיין פֿרוי און צו מיר... נאָר ווי זאָגט מען עס?... אַלעס האָט דאָך אַ סוף... ס'קלייבט זיך אַזוי לאַנג אָן אויף'ן האַרצען... ביז וואַנען עס פּלאַצט אַרויס...

(זשערמען ווערט זעהר ערנסט און פֿערטראַכט.)

זשערמען (נאָך אַ פּויזע). זאָגט מיר, וואָס איז פֿאָרגעקומען צווישען מיין פֿאָטער און אייך...

דער גערטנער. ס'איז כמעט גאָרנישט פֿאָרגעקומען...

זשערמען, אָבער פֿאָרט?...

דער גערטנער. מען האָט זיך געזאָגט איינער דעם אַנדערן עטליכע ווערטער... מען האָט זיך אויפֿגעהויבען... מען האָט זיך געגעבען... יעדער איינער... „זיינע אַכט טאָג"... ס'איז אָבגערעדט געוואָרען, איך זאָל אַוועקגעהן היינט אָבענד... זעהט איהר... אַז מען געהט אַוועק פֿון אַ פּלאַץ... איז גלייכער דאָס זאָל געשעהן תיכף אויף'ן שטעל... ס'איז בעסער פֿאַרביידע צדדים...

זשערמען, איהר זייט אפשר אַביסעל... צו פֿיין-פֿיהליג... און איהר האָט אַודאי שלעכט אויפֿגענומען אַ בעמערקונג, וואָס מיין פֿאָטער האָט אייך געמאַכט... ניט אַזוי?

דער גערטנער. פֿיין־פֿיהליג?... שוין פֿיער יאָהר אַז איך בין דאָ אין הויז... אַה! מאַדמואַזעל זשערמען... (פּויזע). כ'וויים גאַנץ גוט, אַז איך בין ניט געלערענט... נאָר... איך קען דאָך מיין פֿאַך... די זומפּען... דאָס אַרומשניידען... דאָס געוויקס-הויז... די בלומען... מאַדמואַזעל זשערמען איז דאָך געווען צופֿריע-דען פֿון מיר... ווי?...

זשערמען. איהר ווייסט דאָך עס גאַנץ גוט...

דער גערטנער (מיט אַ ווייכער שטימע). דער קליינער גאָרטען... פֿון די וואַלד-בלומען...

זשערמען. ער איז געווען אַזוי שעהן!...

דער גערטנער. און מיר האָבען אַזויפֿיעל מיה געהאַט דערביי... מאַדמואַזעל געדיינקט נאָך?... און די יאַפּאַנישע פֿלאַנ-צען... ביים ברעג פֿון דעם גרויסען וואַסער־אויסגוס?... מאַדמו־אַזעל'ס אַן איינפֿאַל...

זשערמען. יאָ, יאָ...

דער גערטנער. און דער בלומען־גאָרטען, וואו מאַד-מואַזעל פֿלעגט געהן... יעדען טאָג... אויפֿקלייבען בוקעטען, בוקעטען!... (פּויזע) די בוקעטען... דאָס האָט איהר דאָך, מאַד-מואַזעל זשערמען, מיר אויסגעלערענט מאַכען... און די רויזען?... און אונזערע זאַמען?... און אַלעס אַנדערע?... איין גאָט ווייסט דעם אמת, ווי קאַרג דער בעל הבית איז געווען אויף מיסט פֿאַר די בלומען... נאָר על פּנים... מען איז דורכגעקומען...

(אַ קורצעס שטיל-שווייגען).

זשערמען. האָט איהר געגלויבט, אַז איהר וועט דאָס אַלעס דאַרפֿען איבערלאָזען?

דער גערטנער (מיט אַ טרויעריגען מאַך מיט דער האַנד). וויבאַלד מאַדמואַזעל זשערמען איז געווען צופֿריעדען פֿון מיר, וועל איך אַוועקגעהן... ניט מיט אַזאַ שווער האַרץ...

זשערמען. הערט אויס... ס'איז אפשר בלויז געווען אַ מיספֿערשטענדניס, וואָס איז לייכט צו בעזייטיגען... כ'וועל היינט אָבענד ריידען מיט מיין פֿאָטער...

ד ע ר  ג ע ר ט נ ע ר. אַ דאַנק אייך, מאַדמואַזעל... דאָס וואָס איז געשעהן... איז געשעהן... לאָזט עס לויפֿען!...

ז ש ע ר מ ע ן. דאָך?...

ד ע ר  ג ע ר ט נ ע ר. מאָרגען וועט זיין ווידער דאָסזעלבע... אָדער עפּעס אנדערש... ניין... ס'איז פֿערפֿאַלען... (ערנסטער.) אַחוץ דעם... (ער בלייבט שטיל.)

ז ש ע ר מ ע ן. וואָס?... לאָמיר הערען...

ד ע ר  ג ע ר ט נ ע ר. אַחוץ דעם... (ער דרעהט אַרום זיין הוט צווישען די פֿינגער, נאָך צוטראָגענער ווי פֿריהער.) מיין כפרה!... כ'מוז דערצעהלען דער מאַדמואַזעל אַלצדינג... מאַדמואַזעל ווייסט, אַז מיין פֿרוי איז מעוברת... מיט רעספּעקט צו מעלדען?...

ז ש ע ר מ ע ן. אַודאי וויים איך... נו נו?

ד ע ר  ג ע ר ט נ ע ר. און אַז זי דאַרף געלעגען ווערן אין צוויי מאָנאַטן צייט?...

ז ש ע ר מ ע ן. יאָ.

ד ע ר  ג ע ר ט נ ע ר. נו... אָט וואָס... דער בעל הבית וויל נים האָבען קיין קינדער ביי זיך... „נאָך אַלע ישוב הדעת'ן," האָט ער מיר געזאָגט היינט אין דער פֿריה, „וויל איך קיין קינדער... גאָר קיין קינדער נים האָבען אין הויז... זיי פֿיהרען איבער די לאָנקעס... זיי מאַכען שמוציג די אַלעען... זיי שרעקען איבער די פֿערד..." (שטיל-שווייגען, זשערמען דרעהט אויס אַביסעל דעם קאָפּ, גע-ריהרט און פֿערדריסליך.) נו, אַודאי האָט מען נים קיין קינדער לכתחילה... פֿון פֿערגנינען וועגען... אין אונזער לאַגע קומט שוין אויך אָן מיט גרינע ווערים דורכצולעבען אין צווייען... נאָר אַז זיי קומען, די קינדער... קען מען זיי דאָך פֿונדעסטוועגען נים דער-שטיקען... זאָגט אַליין, מאַדמואַזעל זשערמען?...

ז ש ע ר מ ע ן (אַזוי ווי רייד‏ענדיג צו זיך אַליין). אָט דאָס איז אַלזאָ די אורזאַכע... וואָס זשע וועט איהר פֿאָרט טהאָן אַצונד?...

ד ע ר  ג ע ר ט נ ע ר. איך וועל זוכען אַ פּלאַץ... ס'איז נים די צייט דערצו, דאָס איז אמת... אין רעכטען מיטען אַרבייט זיינען אַלע גוטע פּלעצער פֿערנומען... און מיט אַ שוואַנגערער

פֿרוי... ס'וועט אַודאי אויסקומען אַרומגעהן פֿון הויז צו הויז!... ס'איז ניט געהויבען, ווייסט איהר!... אַה! צום טייוועל!... ס'איז גאָרנישט געהויבען...

זשערמען. האָט איהר כאָטש אַביסעל געלד... אויסצוהאַלטען?

דער גערטנער. כ'האָב מיינע הענד...

זשערמען (גערירט). מיין אָרעמער זשול... איך קען גאָרנישט טהאָן פֿאַר אייך... כ'קען אייך בלויז בעדויערן און אייך ליעבען. (זי הויבט זיך אויף, נעהמט איהם אָן פֿאַר דער האַנד.) אַדיע!...

דער גערטנער (בלייבט אַ ווײַלע זעהר צומישט, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט און ניט קענענדיג זיך ענטשליסען אַוועקצוגעהן). מאַדמואַזעל זשערמען... כ'וואָלט אייך געוואָלט זאָגען עפּעס... (ער ווייזט אויף זיין האַלז.) עפּעס וואָס ליעגט אָט דאָ... איך סמייע ניט...

זשערמען. זאָגט, זאָגט... איך בעט אייך...

דער גערטנער (מיט אַ ציטערענדער שטימע). מאַדמואַזעל זשערמען... איהר אַליין... זייט אויך ניט גליקליך...

זשערמען. איהר האָט אַ טעות... איך בין זעהר גליקליך...

דער גערטנער (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). ניין, מאַדמואַזעל... איך קען אייך גוט... אַז מען האָט אַזאַ האַרץ ווי איהר... קען מען ניט זיין גליקליך דאָ...

(ער מאַכט עטליכע טריט אַוועקצוגעהן.)

זשערמען (דעם קאָפּ אַביסעל אָנגעבויגען). און אייער פֿרוי?

דער גערטנער. זי איז אין שטאָדט... זי איז אַוועקברייינגען אַ וואָגען אַריבערצופֿיהרען אונזער ביסעל אָרימקייט...

זשערמען. וואָס הייסט?... אָט אַפּנים עס פֿעהלען וועגען דאָ?

דער גערטנער. יעדער איינער פֿאַר זיך, מאַדמואַזעל... ס'איז בעסער אַזוי...

זשערמען. וועל איך זי זעהן?

דער גערטנער. נו, גאַנץ געווים, מאַדמואַזעל... נאָר פֿון אין דערפֿריה אָן... מיט אָט דעם גאַנצען טאַראַראַם... פֿער שטעהט איהר דאָך, אַז זי האָט קיין צייט ניט געהאַט...

זשערמען (זעהר געריהרט). אַדיע!

דער גערטנער. אַדיע, מאַדמואַזעל...

(ער געהט אַרויס לאַנגזאַם... פֿערבייגעהענדיג דאָס קליינע אַרומגעצאַמ־טע גאָרטענדעל, שטעלט ער אויף דעם צווייג פֿון אַ פֿלאַנצע, וואָס איז ניט גאַנץ גלייך.)

## דריטע סצענע.

זשערמען, דאַן מאַדאַם לעשאַ, דאַן לוסיען גאַראָ.

(דער גערטנער איז אַוועק. זשערמען האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט אויף'ן ברעג פֿון לאַנגען לעהן-שטוהל; זי איז זעהר אומעטיג. תחילת בלעטערט זי מאַשינאַלנע דאָס בוך וואָס איז געבליבען דאָרט, דערנאָך פֿערמאַכט זי עס און שפאַרט אָן דעם קאָפּ אָן איהרע הענד, די אויגען אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, מען הערט, אָנקומענדיג פֿון פֿאָרצימער, די קוויטשעדיגע שטימע פֿון מאַדאַם לעשאַ.)

מאַדאַם לעשאַ (זיך בעוויזענדיג אויף די טרעפּ און זיך אומ־קעהרענדיג צום קאָרידאָר). אָבער וואו זיינען זיי ערגעץ?... וואָס טהוען זיי פֿאָרט?... ניטאָ קיין איין משרת אין פֿאָרצימער... דאָס איז אונגלויבליך!... (זי הויבט אָן אַרונטערגעהן די טרעפּ.) וואָס מעהר מען האָט פֿון אָט דעם געזינדעל, אַלץ ווייניגער ווערט מען בעדיענט... (בעמערקענדיג לוסיען'ן, וועלכער קומט אין דער רגע אַריין פֿון רעכטס, שטעלט זי זיך אָב.) אַה! הערר גאַראָ, איצט... (זשערמען הויבט זיך אויף און ענטפֿערט לוסיען'ן אויף זיין בעגריסונג. מאַדאַם לעשאַ, מיט אַ פֿיינדליכער שטימע, אַזוי ווי זי וואָלט איהם געגעבען דעם זועג.)... מיין מאַן איז נאָך ניט אַהיים געקומען, הערר גאַראָ...

לוסיען. ענטשולדיגט מיר, מאַדאַם... מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך הער דעם וואָגען...

מאַדאַם לעשאַ. האָט זיך אייך שלעכט געדוכט... (זי געהט אַרונטער אַ טרעפּעל און שטעלט זיך אָב.) איהר האָט עפּעס וואָס צו זאָגען מיין מאַן?

לוסיען. יאָ, מאַדאַם.

מאַדאַם לעשאַ (צו איהר טאָכטער). וואָס זשע, דו וועסט זיך אפילו ניט מטריח זיין און מיר העלפען אַרונטערגעהן די טרעפּ?... (זשערמען געהט צו העלפען איהר מוטער.) נאָך אַ שטיקעל גליק, בנאמנות... (דורכגעהענדיג פערביי לוסיען) אָט די משרתים... האָט מען עס וואו געזעהן?... איך האָף, אַז דיין פּאָטער וועט מיר לערנען אַביסעל דרך ארץ מיט אָט דעם שעהנעם עולם...

זשערמען. אַזוי ווי מיט דעם אָרעמען זשול...

מאַדאַם לעשאַ (איבערקרימענדיג איהר טאָכטער). מיט דעם אָרעמען זשול... נאַטירליך... דו האָסט דאָך רחמנות בלויז אויף די פּוילענצער, די שכורים... און די גנבים.

זשערמען. ניט אויף אַלע...

מאַדאַם לעשאַ (גיט אַ קוק אויף איהר טאָכטער מיט אַ בליק פול צאָרן). וואָס!... קוים זיינען די משרתים אָב ניט מעהר ווי אַ יאָהר אויף אַ פּלאַץ, ווערן זיי די בעלי בתים... מען איז שוין דאַן ניט מעהר ביי זיך אין דערהיים... (אַליין נאָכמאַכענדיג איהר טאָכטער.) אָט דער אָרעמער זשול!... (דערווייל, געפיהרט פון זשערמען'ן, איז זי צוגעקומען צו איהר פאָטעל, וואו זי זעצט זיך אַנידער.) אוף!... (זי סאָפעט אַביסעל און נעהמט ווידער איהר העקעל-אַרבייט.) און דאָס מוז איך דאָס... אין מיינע יאָהרען מיט מיין געזונד... אַראָבגעהן יעדען אָבענד... אין קעלער! אַה! ס'איז גאָר אַן אַנדער וועלט געוואָרען... (זי העקעלט מיט כעס.) נאַ... מאָסיע גאַראָ?...

לוסיען. מאַדאַם...

מאַדאַם לעשאַ. אָט אַפּנים איהר האָט זיך גוט געגומעט צו מיין מאַן... און איהר האַקט איהם אַריין אין קאָפּ אַלערליי משוגעת'ן... אָקוראַט ווי ער וואָלט ניט געהאַט גענוג זיינע אייגענע... מיין גאָט!...

לוסיען. איך... מאַדאַם?

מאַדאַם לעשאַ. און ווער זשע דען אַז ניט איהר?... ער רעדט איצט פֿון קיין אַנדער זאַך ניט, נאָר מכח רעוואָלוציאָניזירען די אַגריקולטור... אוים! מען דאַרף מעהר ניט קיין וויין, קיין גערשטען, קיין בוריקעס... דאָס אַלעס, זאָגט ער, האָט אָבגעלעבט זיין צייט... ס'איז ניט מעהר מאָדערן... ער טרוימט פֿון פֿער־זעען... פֿערפֿלאַנצען... כ'ווייס אַליין ניט וואָס...

לוסיען. ס'איז גאַנץ ריכטיג... נאָר איך בין גאָר ניט שולדיג אין דעם. אדרבה, איך האָב זיך געסטאַרעט בעווייזען דעם הערר לעשאַ זיין טעות... ער וויל ניט הערען און וויסען... און ער רופֿט מיך בורזשואַ... (לאַכענדיג.) שמוציגער בורזשואַ זאָגאַר.

מאַדאַם לעשאַ. און איהר... איהר ווילט מיר איינריידען, אַז מיין מאַן איז משוגע?

לוסיען (פּראָטעסטירט). אָה, מאַדאַם!... וואָס רעדט איהר?... הערר לעשאַ איז זעהר געוואַגט... זעהר פֿערליעבט אין נייע זאַכען, און... זעהר איינגעשפּאַרט...

מאַדאַם לעשאַ. נו יאָ... און דאָס וועט אונז אָבקאָסטען אויף מיסטיגונג־שטאָפֿען און אויף אונניצליכע און לעכערליכע עקספּערימענטען... טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער פֿראַנק?...

לוסיען. כ'האָב מורא אַז יאָ...

מאַדאַם לעשאַ. נאַ, אַ שעהנעם דאַנק אייך... זיין נייע מעטהאָדע פֿון לאַנד־אַרבייט... און די וואַהלען אין צוויי מאָנאַט אַרום... אַה! מיר ווערען האָבען אַ מזל'דיג יאָהר...

לוסיען (זעהר מילד). איהר געדיינקט דאָך, מאַדאַם, לעצטען מאָנאַט, לכבוד דעם נאַציאָנאַלען יום טוב, האָט דער הערר לעשאַ געוואָלט אָבפֿאַרבען אַלע אַלטע און וואונדערבאַרע ביימער פֿון דעם גרויסען אַריינפֿאָהר... אין ווייס בלוי און רויט... צום גליק, האָט איהר איהם אָבגערעדט דערפֿון... אפשר וועט זיך אייך איינגעבען — און איך ווינש עס פֿון גאַנצען האַרצען — איהם אָבצורייסען פֿון זיין גרויסער רעוואָלוציאָן אין דער ערד־אַר־בייט...

מאַדאַם לעשאַ (פערטראַכט, הערט אויף העקלען). אין ווייס בלוי און רויט... אונזערע שעהנע בוימער!... ס'איז טאַקי אמת... מען האָט קיין מינוט רוה ניט מיט אַזאַ מענשען... (אַ קליינע פויזע.) נאָר דאָך... איהר, וואָס איהר זייט, ווייזט אויס, זעהר געלערענט, הערר גאַראָ... ווי אַזוי ערקלעהרט איהר פאָרט אָט די מאָדנע משוגעת'ן, וואָס ער האָט אַצונד?... וואָרים נאָך אַלעמען איז דאָך איזידאָר זעהר אינטעליגענט... זעהר שטאַרק זאָגאַר... ער האָט אַ נאָמען פאַר אַ בעריהמטען געשעפטס-מאַן... דער ערשטער אין פאַריז...

לוסיען. מכח דעם איז גאָר קיין צווייפעל ניט...

מאַדאַם לעשאַ. און אויסער זיינע געשעפטען... רעדט ער און טהוט בלויז נאַרישקייטען... (לוסיען מאַכט מיט דער האַנד, פראָטעסטירענדיג דאַגעגען.) יאָ... יאָ... בלויז נאַרישקייטען...

לוסיען (צוריקגעהאַלטען). וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מאַדאַם?... ס'איז מיר גאַנץ שווער צו ענטפערן אויף אייער פראַגע... דעם הערר לעשאַ'ס פאַל איז איבעריגענס אַ געוועהנליכע זאַך ביי אַלע גרויסע געשעפטס-מענער... אַן אויסערגעוועהנליכער צוטרוי צו זיך אַליין... די געוואוינהייט צו הערשען און צו זיין תמיד ערפאָלגרייך... דאָס שטרעבען כסדר צו שאַפען עפּעס נייעס... די בערוישענדע פרייד פון די שטיינער, וואָס מען האָט אַראָבצו-ראַמען פון וועג... און... ווי זאָל איך דאָס זאָגען?... (מיט אַ שרעקעדיגער שטימע.) אַביסעלע צופיעל שטאָלץ אויך... דאָס נייטי-גען זיך אין אַ אידעאַל פיליכט. (ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנד.)

מאַדאַם לעשאַ. אָה! אַ אידעאַל...

לוסיען. יעדער איינער האָט זיך זיין אייגענעם אידעאַל... נאָר מען איספראַוועט זיך ניט אַזוי לייכט מיט דער ערד ווי מיט דער אָרעמער מענשליכער זעלע... די ערד איז ניט אַזוי פלאַס-טיש און עס לאָזט זיך ניט אַזוי גרינג מאַכען מיט איהר וואָס מען וויל...

מאַדאַם לעשאַ (מיט אַ זיפץ). איך פערשטעה ניט...

(פויזע.) כ'האָב געמיינט, אַז איהר האָט אַ געוויסען איינפלוס אויף מיין מאַן...

לוסיען. קיין שום איינפלוס ניט, מאַדאַם...

זשערמען. הערר גאַראָ איז צו אָרים... ער האָט צופיעל איינזעהעניש...

מאַדאַם לעשאַ (גיט אַ שטרענגען קוק אויף איהר טאָכטער). איך רייד דאָך ניט צו דיר... (אין דער רגע דערהערט זיך דער גערויש פון אַ וואָגען, וואָס קומט אַלץ נעהנטער און נעהנטער. זי הערט זיך צו.) כ'הער דעם וואָגען... דאָס איז אודאי ער...

לוסיען. איך גיי אַנטקעגען דעם הערר לעשאַ.

מאַדאַם לעשאַ (מיט אַ בעטענדער שטימע). סטאַרעט זיך איהם געבען צו פערשטעהן... (לוסיען פערנייגט זיך און געהט אַרויס.)

## פערטע סצענע.

### מאַדאַם לעשאַ, זשערמען.

מאַדאַם לעשאַ (זעהר אויפגערעגט. זי לייגט אַריין איהר העקעל-אַרבייט אין קערבעל). ווער ווייסט וואָס ער ברייגנט אונז פון פאַריז!... וויפיעל איז דער זייגער?... (זשערמען שווייגט.) וויפיעל איז דער זייגער?

זשערמען (קורץ). כ'ווייס ניט...

מאַדאַם לעשאַ. נו פערשטעהט זיך... (זי גלייכט אויס אַביסעל די קנייטשען פון איהרע שפיצען און פון איהר קלייד.) מיינע האַנדשוה?... אַה!... (זי דערזעהט זיי אויף'ן טיש, כאַפּט זיי אויף גיך און טהוט זיי אָן.) און דו... מאַך צורעכט אַביסעל דיינע האָר... וואָס זיצסט דו!... האָסט דאָך אַ פנים ווי איך ווייס ניט וואָס... און די בלוזקע דיינע, וואָס בלאָזט זיך דאָרט אויף'ן רוקען... קום אַהער... (זי מאַכט צורעכט די בלוזע.) אַזאַ מויד, אין האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערענט זיך אָנטהאָן ווי געהעריג איז... אַה! אַ שעהנעם כבוד קען מען פון דיר האָבען... (צוזודערט.) און מיין נאַכטמאָהל,

גאָט מיינער?... עס זאָלען כאָטש ניט זיין קיין גרויסע לייט... מעהר ווי דאָס וואָלט מיר ניט געפעהלט... מיט אַזאַ טייוועל פֿון אַ מאַן מוז מען יעדען אָבענד האָבען דיזעלבע חתונות!... (דער געדרויש פֿון'ם וואָגען איז שטיל געוואָרען, מען הערט אַן אויסברוך פֿון שטימען הינטער די קוליסען.)

**שטימען** (הינטער די קוליסען). לעבען זאָל איזידאָר לעשאַ!... לעבען זאָל דער בירגער איזידאָר לעשאַ!...

**מאדאַם לעשאַ.** אָט האָסט דו דיר!... ער לאָזט זיך שוין אויפנעהמען מיט געשרייען פֿון די פֿאַרם־אַרבייטער. דאָס מוז וויניגסטענס זיין אַ מיניסטער... דער מיניסטער פֿון אַגריקולטור, וואָס דאַרף אַלץ קומען... גאָט מיין גאָט!

**שטימען** (הינטער די קוליסען). לעבען זאָל איזידאָר לעשאַ!...

**איזידאָר'ס שטימע** (הינטער די קוליסען). שוין גוט... שוין גוט... לאָזט מיך צופֿריעדען... (די קולות ווערן נאָך שטאַרקער. איזידאָר ערשיינט הינטערוויילאַכס אויף'ן הינטערגרונד פֿון דער ביהנע רעכטס. ער מאַכט מיט די הענד, עס זאָל זיין שטיל.) אָבער אום גאָטעס ווילען, לאָזט מיך צופֿריעדען... ניט דעם מענשען דאַרף מען בעגריסען... נאָר די אידעע, פֿערשטעהט איהר מיך!... בעגריסט די אידעע...

**שטימען** (הינטער די קוליסען). לעבען זאָל איזידאָר לעשאַ!...

**איזידאָר.** נו שוין, נו!... נאַ... אָט האָט איהר... פֿאַר דער אידעע... (ער וואַרפֿט אַרונטער קופערנע און זילבערנע מטבעות.) און לאָזט מיך צופֿריעדען, איהר הערט?... (ער דרעהט זיך אום.) אַה!... די דאַמען... אַן אמת דאָרפֿיש בילד... גוטען אָבענד, קינדער... (ער געהט אַריין אין גאַנצען, בעגלייט פֿון לוסיען. דאַן קומען פֿינק און גרוג און עטליכע טריט נאָך זיי צוויי קאַמער־דיענער, וועלכע טראָגען יעדער איינער אַ רייזע־טאַש און אַן אויבער־ראָק.)

## פינפטע סצענע.

### איזידאָר לעשאַ, לוסיען, פּינק, גרוג, מאַדאַם לעשאַ, זשערמען, צוויי קאַמער־דיענער.

(איזידאָר טראָגט אַ שטרויענעם הוט, אַ שוואַרצען, זעהר לאַנגען און זעהר ברייטען זשאַקעט, וואָס די קעשענעס זיינען אָנגעשטאָפּט מיט צייטונגען, אַ ווייסע וועסט, אויף וועלכער עס בלישטשעט אַ גראָבע גילדערנע קייט, גראָע הויזען און געלע שיך... ער איז אַ דיקער כאַן מיט אַ קיילעכדיג בייכעל און מיט אַ וואולגאַרען אויסזעהן... זיינע שורקישע און חוצפה'דיגע אויגען, מיט די שאַרפע בליקען, ווידערשפּרעכען אויף אַ מערקווירדיגען אופן די שפּרינגענדיגע בעוועגליכקייט און די שטענדיגע ריהרעוודיגקייט זיינע... דאָס גראָהליך, קורץ און האַרט בערדעל גיט נאָך צו מעהר אויסדרוק צו זיינע ליפּען, וואָס אַז זיי עפענען זיך, דערזעהט מען די ווייסע צייהן פון אַ וואָלף... אַ מויל פון אַ פליייש-פרעסער...)

(מאַדאַם לעשאַ האָט זיך אויפגעהויבען פאַר איהר מאַן'ס געסט. ביים אָנפאַנג פון דער סצענע וואַנדערן איהרע אומרוהיגע אויגען אַרום פון פּינק און גרוג צו די רייזע-טאַשען, וואָס די צוויי קאַמער-דיענער טראָגען.)

איזידאָר (צו פּינק און גרוג, מיט אַ שטאָלצען שמייכעל). זיי זיינען אויסער זיך, אָט די קבצנים... אַה! די אידעע געהט זיך איהר וועג דאָ, הערט איהר!... זיי זיינען בראַווע לייט... (כאַפּט מיט אַמאָל אַרויס דעם זייגער און גיט אַ קוק.) פופצעהן מינוט... פון דעם וואקזאַל ביז'ן שלאָס, קינדער, מיר זיינען געפאָהרען אָקוראַט פופצעהן מינוט... דאָס הייסט פיער און צוואַנציג קילאָמעטער אַ שעה... הע, הע!... ס'איז גאַנץ היבש... פאַר פערד... (פּינק און גרוג שאָקלען צו מיט די קעפּ. — זיך ווענדענדיג צו לוסיען.) און וואָס הערט זיך מיט די מיסטיגונגס־שטאָפען?...

לוסיען. גאָר קיין נייעס ניט, מיין הערר.

איזידאָר. נאַ, נאַ, מיין ליעבער יונג... איילט זיך צו... איילט זיך צו... איך האָב שוין געלאָזט וויסען דער אַגריקולטורע־לער געזעלשאַפט מכח אונזער ענטדעקונג, און מעלין ווייסט שוין דערפון, און... אַלע, אַלע... כ'הויב אָן אַגיטירען דערפאַר

אין מיין צייטונג... און אַחוץ דעם... מוז איך דאָך עס האָבען... פֿאַר די וואַהלען, פֿערשטעהסט איהר מיך!... געהט אָן... געהט אָן דערמיט... (ער שטעלט פֿאַר זיינע פֿריינד פֿאַר זיין פֿרוי.) הערר פֿינק!... הערר... (בלייבט שטעהן, זוכט דעם נאָמען.)

גרוג. גרוג... ווילהעלם גרוג.

איזידאָר. גרוג... גאַנץ ריכטיג... דער אַלטער גרוג... דאָס איז אפילו גוט, ביי מיין וואָרט... כ'האָב שיער ניט פֿערגעסען זיין נאָמען... (צערעמאָניעל.) הערר גרוג!... (בעגריסונגען.)

מאַדאַם לעשאַ. מיינע העררן...

איזידאָר. עלעקטרישע אינזשעניערען... פֿריינד... אַלטע פֿריינד... (ער גיט יעדען פֿון זיי אַ קלאַפּ אין פּלייצע און אַלע דריי לאַכען זיך פֿונאַנדער.) קוק זיי נור גוט אָן, אָט די חברה־לייט... עס זעהט זיך, דוכט זיך, גאָרניט אָן אויף זיי, נאָר זיי האָבען ביידע אַ וואַסער־פֿאַל פֿון צעהן טויזענד פֿערד־קראַפֿט...

פֿינק. פּאַרדאָן... פֿון צוואַנציג טויזענד...

איזידאָר. פֿון צוואַנציג טויזענד פֿערד... אַ וואַסער־פֿאַל פֿון צוואַנציג טויזענד פֿערד־קראַפֿט... אַה! די וואוילע יונגען... (שטעלט פֿאַר זיין פֿרוי.) מאַדאַם איזידאָר לעשאַ... מיין פֿרוי... (נייע בעגריסונגען.)

מאַדאַם לעשאַ. מיינע העררן...

איזידאָר. מאַדמואַזעל זשערמען איזידאָר לעשאַ... מיין טאָכטער... (בעגריסונגען, זשערמען פֿערנייגט לייכט דעם קאָפּ.) אַ גוטע פּאַרטי... אַה! אַה!... אַביסעל לייכטזיניג צייטענווייז... נאָר אַ גוט האַרץ... ווי איהר פֿאָטער... און אַן אינטעליגענטקע, פֿערשטעהסט איהר מיך!... די קראַנקהייט פֿון טאָג... זוכט די קראַנקהייט פֿון טאָג... ניט אמת, טאָכטערקע?... די אויסגעשפּיעלטע מאַרקיזען און די אויסגעבייטעלטע פּרינצען פֿערשפּאָרען ריזיקירען מיט זייער געזונד און ליידען פֿון זעע־קראַנקהייט, כדי צו קריגען אַ פֿעטען נדן... (ווייזט אָן אויף זיין טאָכטער.) אַמעריקאַ ביי זיך אין דערהיים... אַה! אַה!...

זשערמען. אַך, פֿאָטער, איך בעט דיך!

איזידאָר. און בעשיידען... דאָס איז שעהן... דאָס איז שעהן... (ער שלעפּט אַרויס פון קעשענע ציימונגען, וועלכע ער גיט זיין פרוי, זיין טאָכטער, גאַראָ'ן.) קינדער... אַן אויסגעצייכענטע נומער... היינט... פאַרהאַן אַן אַרטיקעל... וואָס מאַכט אַ תל פון ווייץ... מעהר זאָג איך אייך ניט... (צו גאַראָ'ן.) לייענט איהם... (גאַראָ וויקעלט פונאַנדער די ציימונג.) אויף דער צווייטער זייט... דריי שפּאַלטען... אונטערשריבען: פאַרסיפאַל... (צו זיין פרוי.) ער קומט פון דיין שיצלינג... דער קליינער ראַמפּאָן... ער וואַקסט... ער וואַקסט גרויסאַרטיג... דער קליינער ראַמפּאָן... אַן אויסגעצייכענטער יונג... און אַ פעדער!...

מאַדאַם לעשאַ. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט... ער וועט געהן וויים...

איזידאָר (צו גרוג און פינק). שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז אָנגעקומען צו מיר פאַראַיאָהרען, רעדיזשירענדיג די וועטער־אָבטהיילונג... דערנאָך האָב איך איהם אַוועקגעזעצט ביי דער אָבטהיילונג פון טהעאַטער... און אַצונד... מאַך איך מיט איהם אַ פּראָבע אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע... ער איז גלענצענד... וואָרים איך... פערשטעהט איהר מיך... ביי מיר אין דער ציי־טונג... איז ניטאָ קיין ליטעראַטור... ניטאָ קיין שרייבער און זייערע פראַזען... אָה, ניין... קלאָהרע זאַכען... פאַקטען... ממתקים... און געניג!...

גרוג. אַ ציימונג... דאָס דאַרף זיין אַ גרויס פערגניגען...

איזידאָר. ניין, ס'איז אַן אינסטרומענט, וואָס הויבט אויף די שווערסטע משאות און העלפט אייך אַרויס פון אַלע שוויריג־קייטען... (ער לייגט אַוועק זיינע אַנדערע בלעטער אויף'ן טיש און בע־מערקט די דעפּעשע.) פון וועמען איז אָט די דעפּעשע?

(ער נעהמט די דעפּעשע אין דער האַנד.)

מאַדאַם לעשאַ. פון קסאַוויע...

איזידאָר. אַה! אַה!... (נאָכדעם ווי ער האָט זי איבערגעלייענט.) בראַוואָ! (אַ וואָרף טהאָנדיג די דעפּעשע אין דער לופטען.) איך שטעל אייך פאָר קסאַוויע איזידאָר לעשאַ פון וואָפּערדי... מיין

זוהן... אַ כוואַטסקער יונג... און מאָדערן... מיט איהם פאַנגט זיך אָן די גרויסע פאַמיליע פון וואָפּעררדי... (מיט אַ איראָנישען שטאָלץ.) לעשאַ פון וואָפּעררדי... נאָר... איהר וועט דאָך איהם זעהן מאָרגען...

מאַדאַם לעשאַ. (מיט אַ טרויעריגער שטימע). וואָס זשע... אָט די הערךן שלאָפען...?

איזידאָר. פערשטעהט זיך, אַז זיי שלאָפען... זיי שוועבען ניט אין דער לופטען... (צו פינק און גרוג.) איהר קענט מיין זוהן?...

פינק. ניין...

גרוג. ניין...

איזידאָר. וואָס הייסט... ניין?... ער איז דאָך זעהר בע־קאַנט... מען רעדט ניט פון קיין אַנדערן, נאָר פון איהם אין די ספּאָרט־בלעטער... ער האָט אַ שטאַל פון לויף־פערד... אַ יאַכט... אַן אָטאָמאָביל פון פופציג טויזענד פראַנק... פריינד אין די הויכע פענסטער... די שעהנסטע אַקטריסען פון פאַריז... און ער איז בסך הכל איין און צוואַנציג יאָהר אַלט, דער חברה־מאַן!... און ער האָט שוין געשפּיעלט אַ ראָלע אין צוויי אָדער דריי זעהר בעריהמטע סקאַנדאַלען... ער איז ערשטווינענד...

מאַדאַם לעשאַ. ער איז וואָס איהר ווילט אַליין... און ער טהוט אונז אָן גענוג יסורים... דער עיקר... מיר... וואָרים אָט דאָס קינד, מיינע הערךן... דאָס איז דער שגעון פון זיין פאָטער... איזידאָר גיט איהם אַלעס נאָך... (איזידאָר קוועלט אָן, רייבט זיך די הענד.) און דער יונג נוצט עס אויס... גאָט וויים!...

איזידאָר. ער לעבט אַ טאָג, די קליינע קאַנאַליע... דאָס איז זיין צייט,

מאַדאַם לעשאַ. ער וואָלט געקענט לעבען אַ טאָג... און ניט אָבקאָסטען אַזויפיעל געלד, דער עיקר אַז ער איז אַזאַ שעהנער יונג.

איזידאָר. רק דו האַלסט אין איין קלאָגען... מיין אָרעמע אַלטיטשקע. וואָס מאַכט עס אויס?... נישקשה, איך בין גענוג רייך און איך קען בעצאָהלען פאַר דעם כבוד צו האָבען אַ זוהן

זוי קסאַוויע, וואָס האָט זיך אַריינגעוואָרפען מיט לייב און זעעל אין דעם גרויסען פאַריזער לעבען... וואָס זשע, פּיהלסט זיך גאָר ניט גליקליך, אַז דו לייענסט אין די צייטונגען, אַז דיין קינד האָט געפיהרט אין זיין אָטאָמאָביל דעם „דזשאָקיי קלוב" קיין אָסט־ענד?... דאָס האַרץ פון אַ מוטער... אַה!... צום טייוועל!

מאַדאַם לעשא. איך זאָג ניט, אַז ניט... אַז דאָס וואָלט נור געקאָסט אַביסעל וויניגער געלד...

איזידאָר. געה שוין געה!... (צו גרוג און פינק.) זי זעהט גאָרניט, אַז קסאַוויע איז אַ שטענדיגע לעבעדיגע רעקלאַמע פאַר מיינע געשעפטען... (צו זיין פרוי.) וואָס זשע, אָט אַפּנים דו וועסט שוין גאָר קיינמאָל ניט בעגרייפען, אַז דאָס געלד וואָס איך גיב איהם... איז געלד אַוועקגעלייגט אויף איבער הונדערט פּראָצענט?... אַה! די פרויען... געפיהל?... גאַנצע לאָפּעטעס... נאָר געשעפט... (ער, ציהט מיט די אַקסלען, געהט אַרום הין און צוריק, רייבט זיך די הענד, געהמט אַרויס דעם זייגער.) נאָט אייך!... כ'לייג איין אַלץ וואָס איהר ווילט, אַז אָט דער לאַנגער דראָנג, וואָס רופט זיך הערצאָג פון מאָזשי... און וועלכען איך האָב אייך געוויזען אויף'ן וואקזאַל... איז נאָך ניט אָנגעקומען קיין מאַרעקור... דער וואָס וועט אַריבער־יאָגען מיינע פערד... זאָל קומען צו מיר... וואָס זאָגט איהר עפּעס צו מיינע פערד?...

גרוג. וואונדערבאַר...

איזידאָר (גיט איהם אַ קלאַפּ אָן פּלייצע.) אַכט און צוואַנציג טויזענד... מיין פריינד...

גרוג. וואונדערבאַר...

פינק. און אַחוץ דעם, מאַדאַם... האָבען מיר אויף'ן וועג צודריקט אַ שעפּעלע...

איזידאָר. (מיט שטאָלץ). צוויי... צוויי שעפּעלאַך... (ער רייבט זיך די הענד.) לעצטע וואָך... האָב איך אויך... כ'לעבען... איבערגעקעהרט אַ קוה מיט איהר קעלבעל... כ'האָב שיער, שיער ביט צודריקט אַ קינד זאָגאַר... אַ קינד פון אַ וועג־וועכטער...

מאַדאַם לעשאַ. האָסט זיך ניט וואָס צו בעריהמען דער־מיט...

איזידאָר. וואָס מאַכט עס אויס?... איך בעצאָהל... (ער־רייבט זיך די הענד.) ס'איז אפילו... אמת... פֿאַרהאַן אין דעם געגענד דריי דאָרפֿישע פריצים, וואָס האָבען ניט, אַלע דריי צוזאַמען, קיין הונדערט פֿופֿציג טויזענד פֿראַנק הכנסה אַ יאָהר... און זיי וואָלטען עס וועלען קעמפפֿען מיט מיינע פֿערד!... (צו גרוג, איהם אָננעהמענדיג פֿאַר'ן קנעפּעל פֿון זיין ראָק.) הער אויס... דו וועסט באַלד זעהן... פֿאָריגען זונטאָג... נאָר זאָג מיר, עס אַרט דיך ניט, וואָס איך זאָג דיר דו?...

גרוג. אַדרבה...

איזידאָר. בראַוואָ!... דו ביסט אַ פּראָסטער בשר ודם, דו... כ'האָב ליעב מען זאָל זיין איינפֿאַך... כ'האָב ליעב מען זאָל זיך דו'צען... מיר זיינען ניט קיין מענשען פֿון דער אַלטער וועלט... גראַפֿען... הערצאָגען... מיר זיינען איינפֿאַכע דעמאָקראַטען... ניט אמת?... אַרבייטער... (גיט אַ קלאַפּ גרוג'ן אין בויך.) דו וועסט באַלד זעהן... לעצטען זונטאָג קום איך צוריק פֿון סיינט־גאָבירזש, דורך'ן וואַלד... און איך האָב זיך פֿערנומען אויף אַ קליינעם וועג... שמאָל... קוים גענוג פֿאַר איין איינציגען וואָגען... ערשט איך קוק זיך אַרום... און וועמען, מיינט איהר, דערזעה איך אַן ערך פֿופֿציג מעטער פֿאַר מיר? דעם הערצאָג פֿי'ן מאָזשי... אָט דעם לאַנגען דראָנג וואָס דו האָסט געזעהן אויף'ן וואקזאַל... און ווֹעלכער האָט די העזה זיך אַרויסצושטעלען געגען מיר... ביי די וואַהלען... (ציהענדיג מיט די אַקסלען.) יאָ... איך וויל ניט אַריבערגעיאָגט ווערן פֿון קיינעם... איבערהויפּט ניט פֿון'ם הערצאָג פֿון מאָזשי... דו פֿערשטעהסט?... רוף איך זיך אָב צום קוטשער: „אום גאָטעס ווילען, יאָג איהם אַריבער!... — ניטאָ קיין פּלאַץ... ענטפֿערט דער קוטשער. — אויב אַזוי... טאָ קעהר איבער און וואַרף מיר אַריין אַלצדינג... הערצאָג, וואָגען, פֿערד... אין גרוב אַריין... אַז ניט, וואַרף איך דיך אַרויס... נאָך היינט אָבענד"... דו וועסט באַלד לאַכען... דער קוטשער גיט אַ יאָג,

זיינע פערד... טראַך!... דער הערצאָג פון איין זייט... איך פון דער אַנדער זייט... דער קוטשער... צעהן מעטער די ווייט... אין ווערלדעל... וואָס פאַר אַ קאַשע!... איך פערליר אָבער ניט דעם קאָפּ... איך פערליר קיינמאָל ניט דעם קאָפּ... אויף גיך שטעל איך זיך אויף די פיס... נעהם פונאַנדער די פערד... הויב אויף דעם וואָגען... און איך פאָהר... אין דער צייט וואָס דער הערצאָג בלייבט מיט די פיער רעדער אין דער לופטען... אַה! אַה! אַה!... אָט ווי אַזוי איך בעהאַנדעל זיי... די הערצאָגען... וואָס זאָגסט דו דערצו?...

גרוג. ס'איז גרויסאַרטיג!...

איזידאָר. און טאַקי ריכטיג אויך... איך האָב פופציג מיליאָן... איך... און דער הערצאָג?... ס'איז נאָך אַ גרויסע פראַגע, צי ער האָט אפילו צוויי... אַ לויזער!... נאַ! זיי לעקען קיין האָניג ניט ביי מיר, די אַדעל־לייט.

פינק. זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך... אויף אַזאַ'ן אופן, הייסט עס, דאַרפט איהר דאָך זיין זעהר בעליעבט ביים עולם?...

איזידאָר. צי איך בין בעליעבט?... האָסט דאָך זיי געהערט נאָר וואָס... בראַווע לייט!... און דאַן, ווע סט דו ערשט זעהן ביי די וואַהלען... (ער מאַכט מיט די הענד, אָקוראַט ווי ער וואָלט איבער־געקעהרט אַ וואָגען.) דו ועסט אַקאָרשט זעהן!... און ווייסט דו, ווי אַזוי מען רופט מיך דאָ?... לעשאַ?... די קאַץ, הייסט עס?... ניין, „לעשאַ־טיגר" — די טיגער־קאַץ!... (די צוויי אינזשעניערען קאַטשען זיך פון געלעכטער.) מען זעהט גלייך... מיט וועמען מען האָט דאָ צו טהאָן... האַ?... די טיגער־קאַץ! (ער רייבט זיך די הענד.) נאָר עס געהט דאָך נישט אין דעם... (צו איינעם פון די קאַמער־דיענער.) אָט די רייזע־טאַש... אין דאָס צימער פראַנסואַ דער ערשטער... (צו גרוג.) דאָס געפעלט דיר?...

גרוג. זעהר גוט...

איזידאָר (צום צווייטען קאַמער־דיענער). און די־דאָ... אין דאָס צימער לואי דער פערצעהנטער...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. ס'איז... כ'וועל דיר זאָגען, מיין פריינד...
דאָס צימער לואי דער פערצעהנטער... איז פערנומען...

א י ז י ד אָ ר. וואָס הייסט, עס איז פערנומען?...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. כ'טריקען דאָרט מיינע ליפּאָווע בלעטער...

א י ז י ד אָ ר. אה! אה!... דאָס איז ניט שלעכט... נאַ... זאָל זיין אין דאָס צימער לואי דער פופצענטער... (צו פינק.) נאָר טאָמער ווילסט דו בעסער הענרי דעם צווייטען... הענרי דעם דריטען... לואי דעם דרייצענטען... אָדער לואי דעם זעכצענטען?... זאָלסט דו זיך גאָר ניט שעהמען און זאָגען. פאַרהאַן ביי מיר אין פּאַלאַץ אַזוי פיעל צימערן וויפיעל קעניגע עס זיינען דאָ אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך... (ער רייבט זיך די הענד.) אַ אידעע, האַ?

פ י נ ק. פאַר אַ דעמאָקראַט...

א י ז י ד אָ ר. ס'איז אוים פעראַכטונג... קלייב זיך אוים...

פ י נ ק. אַז איהר ווילט, וועל איך נעהמען דאָס צימער לואי דער פופצענטער.

א י ז י ד אָ ר. לואי דער פופצענטער?... כ'האָב עס פריהער געוואוסט... אה! דער אַלטער לומפּ!... (צום קאַמער-דיענער.) אין דאָס צימער לואי דער פופצענטער...

(די קאַמער-דיענער געהען אַרויף די טרעפּ, טראָגענדיג די רייזע-טאַשען.)

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. די דאָזיגע הערדן וועלען זיין אַזוי גוט און מיר ענטשולדיגען... מיר האָבען בלויז אַ גאַנץ קליינעס נאַכטמאָהל היינט... (צו איהר מאַן.) דאָס איז דיין שולד... אַז דו וואָלסט מיר ווייניגסטענס טעלעפאָנירט... (צו גרוג און פינק.) וואָלט איהר דאָס געגלויבט, מיינע הערדן, אַז איך קען ניט פועל'ן ביי מיין מאַן... ער זאָל מיר לאָזען וויסען, ווען ער ברייננגט מיט זיך מענשען...

א י ז י ד אָ ר. דאָס זיינען ניט קיין מענשען... דאָס זיינען פריינד...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. דאָך דאַרף מען האָבען מיט וואָס צו צונעהמען... פֿריינד אויך...

א י ז י ד אָ ר. נישקשה... נישקשה... זיי קומען ניט אַהער עסען...

פֿ י נ ק. אָה ניין, מאַדאַם... האָט קיין יסורים ניט... איך בעט אייך...

א י ז י ד אָ ר. זיי קומען מאַכען געשעפֿטען.

ג ר ו ג. געוויס...

א י ז י ד אָ ר. גרויסע געשעפֿטען... געשעפֿטען פֿון צוואַנציג טויזענד פֿערד... (ער שטופט אַוועק פֿינק'ן און גרוג'ן צום הינטער-גרונד פֿון דער ביהנע, — מיט אַ נידעריגערער שטימע.) הערט זיך ניט צו צו דעם וואָס מיין פֿרוי וועט זאָגען... ס'איז אַ גוטע פֿרוי... נאָר זי איז ניט צוגעוואוינט צו ריידען מיט מענשען... (צוריקקו-מענדיג צו דעם פֿאָדערשטען טהייל פֿון דער ביהנע.) אַה! די גרויסע געשעפֿטען... וואו מען מישט אוים די מענשען מאַסענווייז... און די מיליאָנען גאַנצע הויפֿענווייז... די מיליאָנען פֿון אַנדערע, נאַ-טירליך... די ריעזיגע אונטערנעהמונגען... די בריקען... די פּאָרטען... די מינען... די טראַמווייען... אָט דאָס האָב איך ליעב... ס'איז מיין לעבען... (צו פֿינק.) ווי מיינסט דו, מיר וועלען זיי דורכבערעכען, דיינע לאַנדסלייט, די שווייצער... (צו גרוג.) און דיינע פֿריינד, די דייטשען?... זיי האַלטען זיך פֿאַר די קעניגע פֿון עלעקטריציטעט... נאַ... זיי קענען מיך נאָך ניט... קוקט אָן אָט דעם שלאָס... ער איז אויפֿגעבויט געוואָרען פֿון לואי דעם פֿערצענטען... דער גאַנצער הויף, די גאַנצע אַריסטאָקראַטישע באַנדע... איז דאָ אַרומגעגאַנגען אין זייד און אין סאַמעט... דאָס האָט זיי אָבער אַריבערגעלעבט... צו וועמען בעלאַנגט ער אַצונד... אָט דער קעניגליכער שלאָס?... צו אַ פּרינץ? ניין... צו אַ הער-צאָג? ניין... צו אַ פּראָלעטאַריער... צו אַ סאָציאַליסט...

ג ר ו ג און פֿ י נ ק. צו איזידאָר לעשאַ...

א י ז י ד אָ ר. דעם פֿאָלק'ס ראַכע... אַה! אַה! אַה! לעבען זאָל דאָס פֿאָלק!...

(אין דערנגע קומט דער אויפזעהער אַריין פֿון לינקס, לויפֿענדיג... ער בלייבט שטעהן, שרעקעדיג, אָהן אַן אָטהעם... דאָס איז אַן אַלטער מאַן מיט אַ זעהר רויטען פנים, גראָע האָר און כמעט גאָר אַ ווייסען באָרד. ער געהט אָנגעטהאָן מיט אַ סאַמעטען רעקעל און פֿערשטויבטע קאַמאַשען. און ער טראָגט אויפגעהאַנגען אויף'ן אַקסעל אַ קליין העקעל אין אַ שייד פֿון געלען לעדער.)

# זעקסטע סצענע.

## דיזעלבע, דער אויפֿזעהער.

**איזידאָר** (צוגעהענדיג צום אויפֿזעהער). אַה! ביסט דאָ... ענדליך?... און פֿאַרוואָס ביסט דו ניט געווען, ווען איך בין געקומען?...

**דער אויפֿזעהער** (נאָך פֿערסאָפּעט און קוים וואָס ער רעדט). פֿערצייהט מיר וואָס איך האָב זיך פֿערשפּעטיגט, מיין הערר... איך בין געגאַנגען אָנצייכענען די דעמבעס אויף דעם מאַרק פֿון פֿאָדיער.

**איזידאָר**. ניטאָ קיין מאַרק, וואָס דאַרף דיך אָבהאַלטען... ניטאָ קיין זאַך, וואָס דאַרף דיך אָבהאַלטען... דו מוזט זיין דאָ, אויף דיין פּלאַץ... ווען איך קום... דאָס זאָל מיר זיין דאָס לעצטע מאָל... פֿערשטאַנען צי ניין?... (ער מעסט איהם אָב פֿון אונטען אַרויף, מיט אַ צינישען טאָן.) זאָג נאָר... אָט אַפּנים פֿון גדלות וועגען... טראָגסט דו דעם הוט אויף'ן קאָפּ?... (דער אויפֿזעהער נעהמט אַרונטער דעם הוט.) ניין... הער אוים... דאַרפֿסט זיך גאָרנישט זשענירען... אויב עס פֿיהרט זיך אַזוי אין דיין קרייז, אַז די משרתיםריידען צו זייערע בעלי בתים מיט'ן הוט אויף'ן קאָפּ... זעהר שעהן... (זיך אומקעהרענדיג מיט'ן פנים צו דער גרופּע.) איך שטעל אייך דאָ פֿאָר דעם אונטער־גראַף פֿון פֿאָנטענעל... מיין אויפֿזעהער... נאָך אַ פּריץ... ער איז נעביך פֿעראונגליקט געוואָרען... פֿרויען... פֿערד... קאָרטען... און שוין!...

דער אויפזעהער. (אויפגערעגט, הויבט אויף זיין האנד).
מיין הערר!...

(איזידאָר קוקט איהם שטרייננ אָן. — דער אויפזעהער ווערט אַנשוויגען, זיין האנד לאָזט זיך צוריק אַרונטער.)

איזידאָר. שוין גוט... (מיט אַ ציניזשען געלעכטער.) נאַ... טהו אָן דעם הוט, אַלטער ריטער... און אפילו דיין קרוין אויך... אויב דו האָסט זי נאָך ניט פערקויפט מיט די איבעריגע זאַכען דיינע... (דער אויפזעהער, אויסער זיך פאַר אויפרעגונג און דערשלאָגען פון ערנידעריגונג, טהוט ענדליך צוריק אָן זיין הוט. — אַ פיינליכער מאָמענט. אַלע זיינען געשטערט... מען זעהט ווי זשערמען האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות ניט אַרויסצופלאַצען. איזידאָר זעצט זיך אַנידער לעבען טיש אויף אַ פאָטעל, איין פוס איבערן אַנדערן. די צוויי אינזשעניערען טרעטען אָב אָן אַ זייט און ריידען צווישען זיך.) וואָס איז דאָ עפּעס נייעס, היינט?

דער אויפזעהער (מיט אַ פערדריקטען קול). היפּאָליט גוען, אייער פעכטער פון ווילזשוי, איז געקומען בעטען, מען זאָל איהם וואַרטען נאָך צוויי מאָנאַט, וועט ער מאַכען די לעצטע אָבצאָהלונג פאַר דער פאַרמע...

איזידאָר. קיין איין טאָג אויך ניט... דעם געריכטס־דיענער... מאָרגען...

דער אויפזעהער. דאָס איז אַ בראַווער מאַן... ער איז זעהר אונגליקליך... איך ערלויב זיך בעטען...

איזידאָר (אָבהאַקענדיג מיט אַ רשעות'דיגען בליק). וואָס?... (דער אויפזעהער שווייגט.) ווייטער?...

דער אויפזעהער. איך האָב זיך ניט געקענט אויסגלייכען מיט'ן גערטנער... ער איז ניט מרוצה, איהר זאָלט איהם פערהאַלטען זיין וואָך געהאַלט...

איזידאָר. ער איז ניט מרוצה?... ווירקליך?... אַן עזעלקאָפּ, וואָס קען אפילו קיין אַרבעס ניט פערזעען, ווי געהעריג איז... און וואָס ערלויבט זיך... צו האָבען קינדער... ביי מיר... אָהן מיין צושטימונג?... דער פריעדענס־ריכטער וועט זיך שוין

מיט איהם אויסגלייבען... אַה! מען שיקט מיר מאָרגען צו אַ נייעם גערטנער... דו וועסט איהם איינשטעלען... און וואָס נאָך?... גיכער... גיכער...

דער אויפזעהער. כ'האָב געזעהן דעם מאַלער... ער איז מלא רציחה... ער וויל האָבען, אַז דאָס האָט איהר, מיין הערר, אַליין איהם געהייסען זאָגען דעם שלאָסער, ער זאָל אַרונטערנעהמען די גלעקלאַך פון'ם גרויסען פאַוויליאָן...

איזידאָר. וואָס זשע, ער האָט אַ געשריבענעם בעפעהל, גע'חתם'עט פון מיר?... ניין?... טאָ זאָל ער מיך לאָזען צופריידען... און זאָל ער וויסען אָט וואָס... (מיט בעטאָנונג.) דאָס, וואָס איך זאָג, איז גאָרנישט ווערטה; גילטען גילט בלויז דאָס, וואָס איך שרייב... ער וועט בעסער ווערן, דער הערר מאַלער... און וואָס ווייטער?

דער אויפזעהער. כ'האָב אָבגעליפערט די פאַשע, אַזוי ווי איהר האָט אָנגעזאָגט...

איזידאָר (שטילערהייט). די פערדאָרבענע גראָזען?

דער אויפזעהער. מען האָט זיי פאָרזיכטיג פונאַנדערגעוואָרפען צווישען די גוטע...

איזידאָר. זעהר גוט... ניט געוועזען קיין גנבים היינט?

דער אויפזעהער. דאָס ווייס איך ניט... די וועכטער זיינען ניט געקומען אָבגעבען זייער ראַפּאָרט...

איזידאָר. פאַרוואָס?... וואו שלעפען זיי זיך אַרום?...

דער אויפזעהער (ווייזענדיג אויף זיין זייגער). ס'איז נאָך ניט קיין זיבען אַזייגער, מיין הערר... דאָך מיין איך, אַז מען האָט געכאַפּט די אַלטיטשקע מאַטאַ, צונויפקלייבענדיג שטיקלאַך האָלץ פון דער ערד...

איזידאָר. אין דעם אָבגעטהיילטען פאַרק?

דער אויפזעהער. ניין, מיין הערר, אין דעם גרויסען פאַרק...

איזידאָר. אַה! אַה!... הייסט עס, דער גדר, די אַרטיפיציעלע דערנער, די אייזערנע שטאַנגען... אָט אַפנים זי שטעלט

זיך פֿאָר, אַז דאָס אַלעס איז פֿאַר די יאַשצירקעס ?... מען האָט דאָך געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל... ווי ?...

**דער אויפֿזעהער.** איך מיין, אַז ניט, מיין הערר...

**איזידאָר.** פֿאַרוואָס עפּעס ?...

**דער אויפֿזעהער.** עס פֿיהרט זיך שוין אַזוי, מיין הערר... ס'וואָלט געווען אַרויסגעוואָרפֿענע מיה צו מאַכען אַ פּראָצעס דעריבער...

**מאַדאַם לעשאַ** (געטריבען פֿון זשערמען, וועלכע זיצט הינטער דער מוטער). הער אויס, מיין פֿריינד, די אָרעמע לייט האָבען איבעראַל דאָס רעכט צונויפֿצוקלייבען שטיקלאַך האָלץ פֿון דער ערד...

**איזידאָר.** דאָס רעכט... דאָס רעכט... ראשית, האָבען די אָרעמע לייט קיין שום רעכט ניט... און אפילו ווען זיי זאָלען עס יאָ האָבען, דאָס דאָזיגע לעכערליכע רעכט, וויל איך ניט, אַז מיט'ן איסרייד כלומר'שט צונויפֿצוקלייבען שטיקלאַך האָלץ פֿון דער ערד זאָלען זיך די בראָדיאַגעס אַריינ'גנב'ענען צו מיר... אויסלייגען נעצען... אָבשניידען מיינע יונגע בוימלאַך... מאַכען אַ תל פֿון מיינע קוסטאַרניקעס. ס'מוז נעהמען אַ סוף דערצו... ס'איז דאָך גאָרניט געהערט געוואָרען... אַזאַ'ן אַקט!... די אָרעמע לייט... מען וואָלט כ'לעבען געקענט זאָגען, אַז אַלעס בעלאַנגט איצט צו זיי... דאָס זיינען זיי דאָס גאָר די אמת'ע בעלי בתים... דעמאָ־קראַט ?... קיינער איז דאָס ניט מעהר איידער איך... נאָר איך בין אָבער ניט קיין גרינער... (צו זיין פֿרוי.) וואָס זשע, מען טהיילט זיי דען קיין ברויט ניט, יעדען שבת ?

**מאַדאַם לעשאַ.** נו געוויס...

**איזידאָר** (אַרומוואַרפֿענדיג די העקעל-אַרבייט אין קערבעל). וואָס זשע, דו פֿערברייגגסט דען ניט דיין לעבען... דו נעהמסט זיך דען ניט אַרויס די אויגען, שטריקענדיג פֿאַר זיי זשילעטען... היטער־לאַך... זאָקען... און ווייס איך וואָס נאָך פֿאַר זאַכען ?

**מאַדאַם לעשאָ.** דאָס... ס'איז טאַקי אמת!...

**איזידאָר.** נאַ, אַלזאָ... אַז זיי ווילען, ס'זאָל זיי זיין וואַרים

אין שטוב... פֿאַרהאַן שטיינקוילען... (ער הויבט זיך אויף און געהט אַרום. צום אויפֿזעהער.) אַז מען וועט זי נאָך אַמאָל כאַפּען, אָט די אַלטע מכשפה... זאָל מען זי מיר ברייננגען צו פֿיהרען... דו הערסט?... איך וועל איהר געבען אַ לעקציע, איך... אַ גוטע לעקציע... (ער רייבט זיך די הענד.) דאָס איז אַלעס?

דער אויפֿזעהער. דער הערר מאַרקיז פֿון פאָרסעלע איז דאָ פֿריהער געווען...

איזידאָר (טריאומפֿירענדיג). אַה! אַה! דער הערר מאַרקיז האָט געפֿונען פֿאַר נייטיג צו קומען... אַהער... ער אַליין... בכבודו ובעצמו, הייסט עס?... ניט מעגליך!... וואָס זשע, ער מוז אַודאי ניט האָבען קיין פרוטה ביי דער נשמה, דער הערר מאַרקיז?

דער אויפֿזעהער. ער וואָלט זיך זעהר געוואָלט זעהן מיט אייך... מאָרגען... ניט אַנדערש...

איזידאָר. אַזוי גאָר!... ס'ברענט, הייסט עס?... טעלעפֿאָניר איהם, אַז איך וועל וואַרטען אויף איהם מאָרגען... צוויי אַזייגער... און גרייט מיר אָן זיינע פּאַפּירען... (רייבט זיך די הענד.) נאַ, מיר וועלען דאָס אַביסעל לאַכען...

דער אויפֿזעהער. ווידער וועגען דער קוה...

איזידאָר. אַה! צום טייוועל!... וואָלסט דאָך געקענט אָנהויבען דערפֿון... ווי געהט עס איהר?

דער אויפֿזעהער. זעהר שלעכט.

איזידאָר. וואָס דרעהסט דו אַ מוח?

דער אויפֿזעהער. דער טהיער־אַרצט, וואָס האָט איהר גוט אונטערזוכט... זאָגט, אַז זי האָט אַ געפֿעהרליכע לונגען־ענטצינדונג... און אַז זי איז פֿערלאָרען...

איזידאָר (מיט היץ). אַ קוה פֿון אַכצעהן הונדערט פֿראַנק!... וואָס איז ער משוגע, צי וואָס?... נאַ... נאַ... ער איז אַן עזעל־קאָפּ, דער טהיער־אַרצט דיינער... דו וועסט מיר טהאָן די טובה און אַריבערגעהן נאָך'ן רופא פֿון מאַרעקור... דערווייל... וועל איך

אַליין צוגעהן זעהן וואָס מיט איהר טהוט זיך... (צו די פריינד).
איהר ערלויבט דאָך ?... צוויי מינוט בלויז...

פינק. געהט, געהט...

גרוג. איהר דאַרפט זיך ניט שטערן...

איזידאָר. גאַרנ ?...

לוסיען. מיין העדר !...

איזידאָר. קומט מיט מיר... מיר וועלען דערוויל ריידען געהענדיג... (צום אויפזעהער.) דו... לויף פאָראויס... נאַ... שנעלער !... העדר גראַף... (דער אויפזעהער געהט אַרויס.) צוויי מינוט... איך קום גלייך צוריק... (אויף'ן וואונק וויזט ער זיי אָן, זיי זאָלען זיך ניט אומקוקען אויף דעם וואָס זיין פרוי וועט זאָגען.) נו, מכח די כעמישע מיסט-שטאָפען, מיין ליעבער פריינד... (ער געהט אַרויס מיט לוסיען'ן).

שטימען (הינטער די קוליסען). לעבען זאָל דער בירגער איזידאָר לעשאַ !...

איזידאָר (פון הינטער די קוליסען). אָבער לאָזט מיך צופריעדען !... אַ מענש איז גאָרנישט... דער עיקר איז די אידעע...

(די שטימען פערלירען זיך אין דער וויטענס.)

מאַדאַם לעשאַ (צו פינק און גרוג, וועלכע זיינען אַביסעל צומישט ; נאָך אַ קליינער פויזע). אַ גרויס קינד !...

## זיבעטע סצענע.

### מאַדאַם לעשאַ, זשערמען, גרוג, פינק.

(אין פערלויף פון דער גאַנצער סצענע מיט'ן אויפזעהער, איז זשערמען בעזעסען אַ צוקאָכטע און זי האָט זיך מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטען ניט אַרויסצופלאַצען... אַזוי גיך ווי דער פאָטער פערשווינדט, געהט זי צו צום טיש און נעהמט צונויף די פערשיעדענע קלייניגקייטען, וואָס זי האָט פריהער מיטגעבראַכט מיט זיך.)

זשערמען (צו איהר מוטער). ערלויב מיר אַריינגעהן צו מיר אין צימער... עס שווינדעלט מיר אַביסעל אין קאָפּ... איך פּיהל זיך ניט אַם בעסטען...

מאַדאַם לעשאַ. וואָס איז דיר?... דו וועסט ניט עסען קיין נאַכטמאָהל?

זשערמען. ניין... כ'בין עפּעס ניט מיט אַלעמען...

מאַדאַם לעשאַ (גיט אַ ציה מיט די פּלייצעס). נאַ... געה!...

זשערמען (מיט אַ לייכטער פּערנייגונג צו גרוג און פּינק). פּערצייהט, מיינע העררן...

פּינק. שטערט זיך ניט, מאַדמואַזעל...

גרוג. טהוט מיר זעהר לייד... בנאמנות...

(זשערמען געהט אַרויף די טרעפּ און פּערשווינדעט.)

## אכטע סצענע.

דיזעלבע, אויסער זשערמען.

גרוג. קיין שום ערנסטעס ניט, האָף איך?

מאַדאַם לעשאַ. ניין, ניין...

פּינק. אַביסעל קאָפּ־ווייטאָג... מן הסתם?

מאַדאַם לעשאַ. יאָ... דאָס איז דאָס...

פּינק. וואָס פּאַר אַ רייצענד יונג מיידעל!...

גרוג. און ערנסט!...

מאַדאַם לעשאַ. זי רעדט ניט פּיעל, דאָס איז אמת... אָבער זעצט זיך, מיינע העררן... איך שעהם זיך ווירקליך פּאַר אייך... מיט זיין שגעון צו פלאַפּלען... און זיך צו קאָכען אַזוי שטאַרק... האָט אייך איזידאָר געהאַלטען אַזוי לאַנג... אויף די פּיס...

פּינק. ס'שאַדט ניט... ס'שאַדט ניט... (זיי נעהמען שטוהלען און זעצען זיך אַנידער.) אַה!... דער הערר לעשאַ איז אַ גליקליכער מענש...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ (מרה שחורה׳דיג). צו... צו גליקליך...

פּ י נ ק. נו יאָ... ס׳געהט איהם אין אַלצדינג... געשעפּטען... פֿאַמיליע... אַזאַ פּלאַץ אין דער גרזועלשאַפֿט... (גיט אַ מאַך מיט דער האַנד, אַרומנעהמענדיג דעם פּאַלאַץ, דעם פּאַרק און דעם גאַנצען האָריצאָנט אַרום.) איהר האָט דאָ, מאַדאַם, אַן אויסגעצייכענט גוט...

ג ר ו ג. אַן אויסערגעוועהנליכע אימעניע... אָט די געביידען... אָט די אַלעען... אָט דער פּאַרק... כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן עפּעס שעהנערס ווי דאָס... וואָס זשע, ס׳איז טאַקי ווירקליך לואַי דעם פֿערצעהנטען׳ס?

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. מען זאָגט אַזוי...

ג ר ו ג. ס׳איז וואונדערבאַר!...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ (מיט אַ טאָן פון דערשלאָגענקייט). ס׳איז צו גרויס... כ׳קען זיך גאָרניט צוגעוואוינען צו אַזעלכע גרויסע בנינים... כ׳פֿערליר זיך דאָ...

פּ י נ ק. אָה!...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. כ׳זאָג אייך זיכער... און די בעל הבית׳־ישקייט... די משרתים און דיענסטען... די טויזענד קלייניגקייטען, וואָס אַזאַ הויז מוז האָבען... (מיט אַ זיפֿץ.) ווען איהר ווייסט וואָס פֿאַר אַ קאָפּ־ברעכעניש דאָס איז!... נישקשה, ס׳איז גענוג שווער... ס׳איז צו שווער פֿאַר מיר... (טרויעריג און צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ.) ווייסט איהר, מיינע העררן, דאָס איז אונז געקומען... צו שפּעט...

ג ר ו ג. וואָס רעדט איהר?

פּ י נ ק. איהר זייט שוין צו בעשיידען. איך אויף אייער אָרט, איך וואָלט געוועזען זעהר שטאָלץ צו האָבען ערוואָרבען דאָס אַלעס דורך מיין אַרבייט, דורך מיינע פֿעהיגקייטען... אדרבה, דאָס איז זעהר שעהן...

מ אַ ד אַ ם  ל ע ש אַ. ניין... ניין... מען מוז געבוירען ווערן אין רייכטהום... אָדער רייך ווערן, ווען מען איז נאָך זעהר יונג... אין אונזער עלטער... איז שוין די געוואוינהייט אַ צווייטע נאַטור; מען קען זי ניט ענדערן... ס׳איז מאָדנע... נאָר עפּעס פֿיהל איך זיך דאָ ניט ווי ביי זיך אין דערהיים... מיר דוכט זיך כסדר אָב,

אַז איך בין אויף דער רייזע... אין אַ האָטעל ערגעץ־וואו אין אויסלאַנד...

גרוג (לאַכעדיג). אַה! אַה!

מאַדאַם לעשאַ. נו יאָ... אויף דרויסען... איז נאָך צו דערליידען... נאָך אַלעמען... זיינען דאָס דאָך בלויז ניט מעהר ווי בוימער... גראָזען... בלומען... נאָר אין די סאַלאָנען... אין די צימערן... זיינען איבעראַל אויף די ווענד פֿאַרהאַן גרויסע פֿאָר־טרעטען... פּרינצעסינען מיט טואַלעטען אַז עס כאַפּט אַזש אָן אַ מורא אויף זיי אַ קוק צו טהאָן... עפּעס אַזעלכע מאָדנע גענע־ראַלען... מיט כלי זין... איך קען ניט אויסהאַלטען זייער בליק... אַז איך געה דורך פֿערביי זיי, זעהט עס אויס עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען זאָגען: „ווער איז זי דאָס, אָט די דיקע פֿרוי... וועלכע איז ניט פֿון דאַנען, און וועמען מיר הויבען ניט אָן קענען?" (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ זעהר מעלאַנכאָליש.) און ס'איז דאָך טאַקי אמת אויך!...

גרוג. איהר בענעהט אַן עולה געגען זיך אַליין... געגען אייער גליק...

מאַדאַם לעשאַ. מיין גליק... מיין גליק!...

פֿינק. גאַנץ געווים... איבעריגענס, אַ בראַווע פֿרוי איז איבעראַל אויף איהר פלאַץ...

**מאַדאַם לעשאַ. איהר זייט זעהר ליעבענסווירדיג, מיין הערר... אָבער ניין... זעהט איהר... איך פֿיהל, אַז דאָס איז ניט פֿאַר מיר... איך... אַ קליין הייזעל... מיט אַ קליין דיענסט מיי־** דעל און אַ קליין גערטענדעל... אָט דאָס וואָלט איך בעדאַרפֿט האָבען... ווען מיין מאַן וואָלט כאָטש געווען ווי אַלע מענשען... ווען ער וואָלט זיך צופֿריעדענגעשטעלט צו לעבען אין פֿריעדען און רוהיג געניסען דאָס וואָס ער האָט!... וואָרים איך פֿרעג אייך... איז דאָס דען אַ משא ומתן פֿאַר איהם, וואָס האָט אַזעלכע גרויסע געשעפֿטען אין פּאַריז... אַלערליי אונטערנעהמונגען... די בערזע... אַ צייטונג... גאָט ווייס וואָס נאָך!... און וועלכער קומט אַהער בלויז אין אָוועגד, אי דאָס נור זומער־צייט?... און עס האַלט אין

איין רינען... אָט דאָס און אָט יענעס... מאַשינען, וואָס הערען אויף געהן... עקספּערימענטען, וואָס גיבען זיך ניט איין... שוין ניט רעכענענדיג די גאַנצע מחנה פון אָנגעשטעלטע... וואָס עסט אונז אָב דעם קאָפּ... געלד געהט ווי וואַסער... און... כ'לעבען, מען קען עס דען אַלעם אויסדערצעהלען?...

גרוג. אָבער אַז דער הערר לעשאַ האָט דערפון פערגניגען...

מאַדאַם לעשאַ. אַ פערגניגען וואָס קאָסט געלד, אָנשטאָט איינצוברייגען געלד... דאָס איז קיין פערגניגען ניט...

גרוג. און דאַן וועט דער הערר לעשאַ, וועלכער איז שוין אַזוי אויך גרויס גענוג, זיך נאָך מעהר אַרויפאַרבייטען, ווען ער וועט ערוועהלט ווערען אַלס דעפּוטאַט.

פינק. ס'איז זעהר... זעהר וויכטיג פאַר זיינע געשעפטען.

מאַדאַם לעשאַ. נו יאָ... ערוועהלט... ערוועהלט ווערען!

גרוג. ס'איז דאָך אַ זיכערע זאַך!... ער האָט עס אונז אַליין געזאָגט.

מאַדאַם לעשאַ. נו, פערשטעהט זיך... ער וועט אייך זאָגען אַנדערע זאַכען אויך... ס'איז שוין דאָס דריטע מאָל, מיינע הערען, אַז ער געהט צו די וואַהלען... (מיט אַ זיפץ.) איך ציטער שוין דערפאַר... וואָס פאַר אַן עגמת נפש, גאָט מיינער!... און ווען איהר וואָלט געוואוסט...

(איזידאָר קומט אריין, בעגלייט פון לוסיען.)

## נײַנטע סצענע.

### איזידאָר, לוסיען, מאַדאַם לעשאַ, פינק, גרוג.

איזידאָר (וואַרפענדיג זיינע בליקען פון מאַדאַם לעשאַ אויף זיינע געסט). אַה! כ'האָב אייך געפּאַקט, מיינע יונגען... כ'האָב אייך געפּאַקט פלוידערענדיג וועגען מיר... נאַ, וואָס פאַר מעשיות האָט איהר זיך דאָס דערצעהלט?...

מאַדאַם לעשאַ. און וואָס איז מיט דער קוה?...

איזידאָר (זיך רייבענדיג די הענד). ס'איז גאָרנישט... אַ שטאַרקע פלאַש ראָם, און עס וועט אריבערגעהן... ניט אַזוי, גאַראָ?

(לוסיען ענטפערט גאָרנישט.)

מאַדאַם לעשאַ. אַ פלאַש ראָם פאַר אַ קוה?... וואָס זשע, דו ווילסט אַפנים זי זאָל קראַפירען אויף'ן שטעל?...

איזדאָר. געה שוין, געה... דו פערשטעהסט דאָך גאָר־נישט מכח פיה־צוכט, מיין טהייערע... זעה נאָר... וואו איז ערגעץ זשערמען?

מאַדאַם לעשאַ. זשערמען איז אַריין צו זיך אין צימער... זי איז עפּעס ניט מיט אַלעמען, זאָגט זי...

איזידאָר. שוין ווידער... ניט מיט אַלעמען?... אַה! די אינטעליגענטקעס... אָט האָט איהר אייך די אינטעליגענטקעס! (פערבייגעהענדיג דעם לאַנגען לעהן-שטוהל, בעמערקט ער זשערמען'ס בוך, בעהמט איהם, קוקט אַריין אין איהם און דערלאַנגט איהם אַ וואָרף אויף דער ערד.) לייענען... רק דאָס לייענט... און געדיכטע... מען ברעכט זיך דעם קאָפּ... מען פיהרט זיך איבער דעם מאָגען מיט אַזעלכע דומהייטען... (פערקרימט קאָמיש די ליפּען, צו פינק'ן.) געדיכטע... לאַמאַרטין... הוגאָ... מיסע... דו ווייסט וואָס דאָס איז אַזוינס?...

פינק. נו, אַודאי... געדיכטע...

איזידאָר. ציגענע באָבקעס... (זיי לאַכען.) זאָג נאָר, דו לייענסט עפּעס, דו?

פינק. דעם בעריכט פון דער בערזע... די אַנאָנסען פון די אייזענבאַהנען...

איזידאָר. בראַוואָ!... (צו גרוג'ן.) און דו?...

גרוג. פון צייט צו צייט... אין וואַגאָן... האָב איך ניט פיינט צו לייענען קליינע מעשה'לאַך...

איזידאָר (גיט איהם אַ קלאַפּ אויף דער פּלייצע). פאָעט מיינער!... נאַ... איך, קינדער... איך לייען קיינמאָל ניט... כ'האָב

קיינמאָל גאָרנישט געלייענט... כ'בין שטאָלץ דערמיט... און דאָס שטערט מיך ניט צו זיין איזידאָר לעשאַ... דער פּריץ פון וואָ־פּערדי... רייך אויף פופציג מיליאָן... און צו האָבען אַ צייטונג, וואו איך טרייב אָן די עפענטליכע פּאָליטישע, ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע מיינונג... און דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג... (ער לויפט אַרום צוקאָכט, שטאָלץ, זיך רייבענדיג די הענד, און שטעלט זיך אָב אין מיטען ביהנע. דאָ קוקט ער זיך אום אַרום זיך, שטעקט אַריין די גראָבע פינגער פוןביידע הענד אין די אָרם-לעכער פון זיין זשילעט, און זיין פּנים ווערט בעלויכטען פון פרייד.) פינק!... און דו... טאַ... טאַ... טאַ...

(ער זוכט דעם נאָמען.)

גרוג. גרוג... ווילהעלם גרוג!

איזידאָר. גרוג... גאַנץ ריכטיג... אָט דער טייוועלשער נאָמען קען מיר גאָר אין קאָפּ ניט אַריין... קומט אַהער... איהר ביידע... (מיט אַ ברייטען מאַך מיט דער האַנד נעהמט ער אַרום דעם גאַנצען האָריצאָנט.) וואָס זאָגט איהר עפּעס צו מיין געזיכטס־פּונקט?...

פינק. ערהאַבען!...

גרוג. מיר האָבען איהם אָקאָרשט בעוואונדערט... מיר און מאַדאַם לעשאַ...

איזידאָר (שטילערהייט). מיין פרוי?... וואָס ווייסט זי?... זי איז דאָך ניט געווען צווישען מענשען! (הויך.) אַלעס וואָס איהר זעהט... רעכטס... לינקס... פאַר אייך... הינטער אייך... אָט די אַלע פעלדער... אָט די אַלע סטעפּעס... און זעהט... דאָרט... דאָס דאָזיגע טייכעל... מיט דער גרויסער מיהל... און אָט די אַלע וועלדער... איהר זעהט?... נאַ... אָט דאָס אַלעס געהערט צו מיר... אי דאָס האָט איהר נאָך גאָרנישט געזעהן... איך האָב זיבען טויזענד העקטאַר לאַנד... איך געפין זיך אויף צוויי דעפּאַרטאַמענטען, אַכט שטעדט און פיער און צוואַנציג דערפער... איך האָב פיער הונדערט נײַנצעהן פעלדער און גראָז-פּלעצער... נאָר איהר וועט דאָס אַלעס זעהן בעסער אויף מיין פּלאַן... נאַראָ?...

לוסיען. מיין הערר!...

איזידאָר. זייט אַזוי גוט... געהט ברײנגט מיר מיין פּלאַן, וואָס ליגט אין פֿאָרצימער, לינקס, אויף דער שאַפֿקע פֿון מאַריע-אַנטואַנעט... לעבען דעם קעניגליכען הויכען פֿויגעל... (לוסיען געהט אַרויף די טרעפּ.—צו זיינע געסט.) דערשאָסען פֿון מיר דעם 5טען דעצעמבער 1898... ביי מיר אין דער סטעפּע פֿון וואַלדיע... וואָרים דאָ איז פֿאַרהאַן אַלצדינג... און אַלעס איז קעניגליך... (זיי געהען אַרונטער צום פֿאָדערשטען טהייל פֿון דער ביהנע.) עס מוז נעהמען אַכט שעה דורכצופֿאָהרען מיין גוט... נאָר איהר וועט דאָס אַלעס בעסער זעהן אויף מיין פּלאַן... איהר וועט אויך מאָרגען זעהן מיינע זעכציג מעלקעדיגע קיה... מיינע הונדערט דרייסיג אָקסען... איהר וועט זעהן מיינע קאַנאַלען... מיינע פֿיש-טייכען... מיינע שאָף-שטאַלען... איהר וועט זעהן אַלעס...

פֿינק. האָט איהר אויך אַסך יאַגד-טהיערע דאָ ביי אייך?...

איזידאָר. אונגעהייער פֿיעל... נאָר אַחוץ די קוראָפּאַטקעס און די פֿאַזאַנען... איז ניטאָ קיין איין פֿויגעל אויף דער גאַנצער שטרעקע פֿון מיין גוט...

פֿינק. אַה! דאָס איז אַ שאָד...

איזידאָר. וואָס הייסט ס'איז אַ שאָד?... אַט אַפּנים דו ווייסט ניט, אַז די פֿייגעל זיינען די ערגסטע שונאים פֿון דער אַגריקולטור... איינפֿאַבע באַרבאַרען?... נאָר איך בין ביטרער פֿון זיי... איך לאָז זיי אַלע אויס'הרג'ענען. איך צאָהל צוויי סו פֿאַר אַ טויטען וואָראָבייטשיק, דריי סו פֿאַר אַ רויט-העלזעל... פֿינף סו פֿאַר אַ גראָז-פֿויגעלע... זעקס סו פֿאַר אַ נאַכטיגאַל... מחמת דאָס מאַכט זיך זעהר זעלטען... פֿריהלינג-צייט גיב איך אַ פֿראַנק פֿאַר אַ נעסט מיט זיינע אייער... זיי קומען מיר אָן פֿון איבערצעהן מייל די ווייט... אַז דאָס זאָל אַזוי אָנגעהן כסדר... וועל איך אין עטליכע יאָהר צייט האָבען פֿערטיליגט אַלע פֿייגעל פֿון פֿראַנקרייך... (ער רייבט זיך די הענד.) נישקשה, איהר וועט דאָ זעהן זאַכען... מיינע פֿריינד...

פ י נ ק (אָנווייזענדיג אויף אַן אָרט אין דער אַלעע ליגקס). פאַר־דאָן! מיר דוכט, איך האָב קיין טעות ניט...

א י ז י ד אָ ר. וואָס?

פ י נ ק. א פויגעל!

א י ז י ד אָ ר (ציהענדיג מיט די אַקסלען). אַיי, דו ליגסט איינער!

פ י נ ק. ניין, אָהן שפּאַס! איך האָב ווירקליך געזעהן אַ פויגעל... דאָרט... אין דער אַלעע. נו אַוודאי... אָט האָט איהר איהם!

א י ז י ד אָ ר. אַ רויט-העלזעל... ס'איז ריכטיג כ'לעבען... אַה! דער פאַסקודניק! (לוסיען קומט אַריין מיט דעם פלאַן.) אַהער... אָט דאָ... אויפ'ן טיש... (איזידאָר נעהמט צו דעם פלאַן פון לוסיען'ס הענד, לייגט איהם אַוועק אויפ'ן טיש, וויקעלט איהם פונאַנדער.) קוקט אַקאָרשט אָן אָט דעם פלאַן... (אַלע דריי קוקען מיט אָנגעבויגענע קעפּ און נעהמען ניט אַראָב קיין אויג פון איזידאָר'ס האַנד, וועלכע לויפט אַרום איבער'ן פלאַן און ערקלעהרט אַלע פערשיעדענע צייכנונגען.) ס'איז שעהן, האַ? מיינע פעלדער... מיינע לאָנקעס... מיינע וועלדער... איהר זעהט זיי, אַקוראַט ווי איהר וואָלט דאָרט אַרומגעשפּאַצירט מיט'ן שטעקעל אין דער האַנד... אַלזאָ הערט אויס!... אָט די רויטע פיער-עקען... דאָס זיינען מיינע פאַרמס... דאָס, געל, מיט שוואַרצע פאַסען... מיינע וועלדלאַך!... און אָט האָט איהר אייך די סטעפּע, וואו איך האָב געשאָסען דעם הויכען קעניגליכען פויגעל...

פ י נ ק. וואָס איז דאָס דאָ... אָט די גרינע זאַך... מיט וואַסער?...

א י ז י ד אָ ר. מיין טייך פון קולואַזעל... וואו איך האַלט אויף... אַקוראַט ווי די פראַנצויזישע קעניגע אין פאָנטענבלאָ... גרויסע קאַרפּען ווי די וואַלפיש... הונדערט פערצעהן העקטאַר... דו הערסט?... דאָס...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. דו פערמאַטערסט דאָך די העררן... אפשר ווילען די העררן גאָר אַרויפגעהן אַביסעל צו זיך אין די צימערן... פאַר נאַכטמאָהל?

איזידאָר. איך פֿערמאַטער אייך מיט דעם דאָזיגען פּלאַן?...

גרוג. אָה ניין... ניין...

איזידאָר (שטילערהייט). זי האָט ניט קיין מאַניערען... (הויך אויף'ן קול צו פֿינק'ן.) ווילסט דו אַרונטערנעהמען דיין הוט?... ער שטערט דיר צו זעהן... (ער נעהמט צו ביי פֿינק'ן דעם הוט און לייגט איהם אַוועק אויף'ן טיש.) זעה, אָט דאָס גרויסע ווייסע שטיק, וואָס שליסט זיך אָן רעכטס צו מיין גוט?... אַה! אַה! דאָס איז פּאָרסעלע... די ערד פֿון'ם מאַרקיז פֿון פּאָרסעלע... אַ לעבער־דיגער זאַק... אַן אַלטער לעבע־יונג, וועמען איך האָב אַנטליהען צוועלף הונדערט טויזענד פֿראַנק... אויף זיין לאַנד, פֿערשטעהט זיך... ס'וועט גאָרניט שלעכט זיין עס צו האָבען, ווי?... וואָפּערדי און פּאָרסעלע פֿעראייניגט אין איין איינציגען גוט?...

פֿינק. גלענצענד!...

איזידאָר. נאַ... ס'איז אַזוי גוט ווי פֿאַרטיג, קינדער... על כל פנים וועט עס זיין פֿאַרטיג מאָרגען... מאָרגען... איהר וועט זעהן, ווי איזידאָר לעשאַ בעגעהט זיך מיט זיי, מיט די אַלטע מאַבערס פֿון'ם אַדעל... נאַ, מיר וועלען לאַבען!...

מאַדאַם לעשאַ. נאָך ערד... נאָך אַ שלאָס!... וואָס זשע, ס'איז דיר נאָך אַלץ ווייניג, גאָט מיינער?... דו ווילסט אפֿנים איך זאָל גאָר אין גאַנצען פֿון זינען אַראָב?

איזידאָר (ציהט מיט די אַקסלען). וואָס פֿאַר אַן אונגליק איז דאָ?... רק דו האַלטסט אין איין קלאָגען!...

פֿינק. אָבער וואָס זיינען אָט די אַלע קליינע פֿיעל־פֿאַרבינע מענשעלאַך... וואָס שפּרינגען און טאַנצען אַרום אין יעדער איינ־ציגער אָבטהיילונג פֿון'ם פּלאַן?...

איזידאָר. ס'פֿאַלט דיר גאָר ניט איין וואָס דאָס איז אַזוינס?

פֿינק. ניין!...

איזידאָר. מיין פּאָרטרעט... אונטער אַ פֿערגרעסערונגס־גלאָז זיינען די מענשעלאַך זעהר עהנליך איינע צו די אַנדערע... אַ אידעע דאָס? מען זעהט גלייך, אַז דאָס דאָזיגע גוט בעלאַנגט

ניט צו קיין שטיק גלאָמפּ!... (ער פֿיהרט אַרום דעם פֿינגער איבער די ליניעס פֿון׳ם פּלאַן.) אָט זעהט... דעם בלויען צייכען... דאָס איז מיין דיסטילעריע, וואו איך האָב אויפֿגעשטעלט אַ לאַבאָראַטאָריע נאָך׳ן סאַמע לעצטען מוסטער... (ער קעהרט זיך אום מיט׳ן פּנים צו לוסיען׳ן.) און אָט איז מיין בעמיקער... אַן אויסגעצייכענטער יונג... אַ געלעהרטער פֿון דער צוקונפֿט... מיט וועמען איך מאַך איצט וואונדערליכע עקספּערימענטען פֿון... פֿון... גאַראַ!

לוסיען. מיין הערר!

איזידאָר. ווי רופֿט איהר די עקספּערימענטען, וואָס איך מאַך אַצונד?

לוסיען. עקספּערימענטען פֿון דער פּלאַנצען־ביאָלאָגיע.

איזידאָר. אָט דאָס איז דאָס טאַקי!... פֿון דער פּלאַנצען־ביאָלאָגיע. ניט קיין געוועהנליכע זאַך, האַ?... דאַרף מען זיי ערקלעהרען מיין ענטדעקונג?... נאַ, הערט אוים!... (ער וויקעלט צונויף דעם פּלאַן, וועלכען ער לאָזט ניט אַרויס פֿון האַנד.) איך בין ניט קיין פּראָסטער ערד־אַרבייטער, איך... איך בין... פֿערשטעהט גוט דעם אונטערשיעד... אַן אַגראָנאָם... דאָס הייסט, אַז איך בעאַר־בייט די ערד ווי אַן אינטעליגענטער מענש... אַן עקאָנאָם, אַ מאָדערנער דיינקער... אַלזאָ?... ווייץ, גערשטען, האָבער — אוים דערמיט!... מען דאַרף עס מעהר ניט... עס פֿערקויפֿט זיך מעהר ניט... מען דאַרף האָבען עפּעס אַנדערש... דער פּראָגרעס געהט, די בעדערפֿענישען ווערן גרעסער און פֿערשיעדענער... און ס׳איז דאָך ניט געזאָגט, אַז דערפֿאַר וואָס די וועלט איז הינטערשטעליג און האַלט זיך ביי איהרע אַלטע מנהגים, זאָל איך, איזידאָר לע־שאַ, אַ סאָציאַליסט־אַגראָנאָם, אַ רעוואָלוציאָנערער עקאָנאָם, אויך זיין אַזוי... דערפֿאַר, פֿערשטעהט איהר מיך, פֿערזעע איך רייז... פֿערפֿלאַנץ איך טהע, קאַפֿע, צוקער־שטעקלאַך...

(פֿינק און גרוג זעהען אוים אַביסעל צומישט.)

מאַדאַם לעשאַ (ציהענדיג מיט די אַקסלען). אָט האָט איהר עס!

איזידאָר (צו זיין פֿרוי). אַט האַט איהר וואָס? טהו דיין

אַרבייט... (שאַרפֿער.) צוקער־שטעקלאַך... (נאָך אַ פּויזע, צו די אינזשעניערען.) וואָס זשע... איהר פֿערשטעהט, הייסט עס, ניט וואָס איך זאָג?...

מאַדאַם לעשאַ. מיין פֿריינד... איך בעט דיך!

איזידאָר. אַה! לאָז מיך צורוה... אָט אַפּנים די פֿרויען פֿערשטעהען זיך עפּעס אויף די גרויסע סאָציאַלע פֿראַגען? ס'איז פֿונדעסטוועגען גאַנץ איינפֿאַך. מיט מיין סיסטעם... איז ניט נור איך רייס אַרויס די אַגריקולטור פֿון איהר אַלטער אַלטעגליכקייט, נאָר איך מאַך אַוועק מיט די קאָלאָניען... און ממילא אויך... מיט די מלחמות... ניטאָ מעהר קיין ווייטע עקספּעדיציעס, וואָס קאָסטען אָב אוצרות מיט געלד... ניטאָ מעהר קיין מערדערישע עראָבערונגען... די קאָלאָניען ביי זיך אין דערהיים!... (ער רייבט זיך די הענד לאַבענדיג.) אינדיען... כינאַ... אַפֿריקאַ... טאָנקין... מאַדאַגאַסקאַר... ביי זיך אין דערהיים! איהר זייט ערשטוינט, זאָגט דעם אמת?... איהר וואָלט ניט געפֿאַלען דערויף, איהר?...

פֿינק. דעם אמת געזאָגט... גלייך אויף'ן ערשטען קוק...

גרוג. זעהט עס אויס אַביסעל פריקרע...

איזידאָר. אַזוי ווי אַלע גרויסע ענטדעקונגען... און דער־נאָך געהט עס ווי געשמירט... אָה! איך ווייס וואָס מען וועט איינווענדען... ס'וועט ניט וואַקסען... נו, דאָס וועלען מיר זעהן... (שטאָלץ און ווילד.) אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט, האָב איך אויס־געפֿיהרט... כ'האָב געוואָלט זיין רייך... איך בין עס... כ'האָב געוואָלט אָט דעם שלאָס... איך האָב איהם... כ'וויל פּאָרסעלע... איך וועל עס האָבען... כ'וויל, אַז די צוקער־שטעקלאַך זאָלען וואַקסען דאָ ביי מיר... זיי וועלען וואַקסען... ניט אַזוי, גאַראָ? נו אַוודאי, אַוודאי וועלען זיי וואַקסען... ס'איז בלויז אַ פֿראַגע פֿון בעמישע מיסטיגונגס־שטאָפֿען... און אַזוי זיכער בין איך, אַז זיי וועלען וואַקסען, אַז איך שטעל זיך אַלס קאַנדידאַט צו די קומענדע וואַהלען בלויז אויף דעם דאָזיגען עקאָנאָמישען, וויסענשאַפֿטליכען און הומאַניטערען באָדען... וואָס זשע, איהר ווייסט עס ניט?... זעהט די אַפֿישען אויף אַלע ווענד פֿון מיין בעצירק... איזידאָר

לעשאַ, אַגראָנאָם־סאָציאַליסט... ניי קאָלאָניאַל... אַנטי־קלערי קאַל...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ (מיט אַ קוויטשעדיגען קול). זעקס הונדערט שטימען!...

א י ז י ד אָ ר. וואָס פֿערדרעהסט דו אַ קאָפּ?

מ אַ ד אַ ם ל ע ש א. זעקס הונדערט שטימען, וואָס וועלען דיך אָבקאָסטען זעקס הונדערט טויזענד פֿראַנק ווי תמיד... (מיט היץ.) אַן אַנטי־קלעריקאַל, דו?... דוכט זיך, ווי נור עס מאַכט זיך דיר עפּעס די מינדעסטע זאַך... איז גיך... גיך... אַ פּריס־טער... (צו גרוג'ן און צו פּינק'ן.) אַז מען וואָלט איהם געפֿאָלגט... וואָלט דער אָרעמער גלה פֿון שטוב ניט אַרויס און וואָלט מיט איהם געהאַלטען אין איין וידוי זאָגען... יאָ... יאָ... זעקס הונדערט שטימען!...

א י ז י ד אָ ר (מיט אַ בייזען געלעכטער, אַוועקשטופּענדיג גרוג'ן און פּינק'ן צום הינטער-גרונד). אַה!... אַה! זי איז קאָמיש... זי ווייסט ניט וואָס זי רעדט... ס'איז אויף שפּאַס... זי פּלוידערט... און די גלחים... און די ראָיאַליסטען... אַה, צום טייוועל!... איך וועל זיי ווייזען ווער איך בין!... (עס הערט זיך דער קלאַנג פֿון אַ גלאָק, וואָס רופט צום נאַכטמאָהל.) לאָמיר געהן עסען!...

(ער קומט צוריק צום פֿאָדער-גרונד. מאַדאַם לעשאַ נעהמט אָן פּינק'ס אָרם און זיי לאָזען זיך אַרויסגעהן די טרעפּ.)

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. ס'איז טאַקי כדאי צו האָבען אַ טעלע־פֿאָן אין שטוב... און ער האַלט אין איין איינלאַדען... אין איין איינלאַדען... און גיט קיינמאָל ניט צו וויסען...

א י ז י ד אָ ר (אָננעהמענדיג גרוג'ן ביים אָרם, מיט אַ טאָן פֿון מיטלייד). האָב קיין פֿאַראיבעל ניט אויף איהר... זי האָט ניט קיין מאַניערען...

(אין דער רגע קומען אָן אין איין צוג זיבען געסט.)

## צעהנטע סצענע.

דיזעלבע, דערנאָך דער פריעדענסריכטער
און זיין פרוי, דער דאָקטאָר און זיין פרוי,
דער לעהרער און זיין פרוי, אַ
צוריקגעצויגענער קאַפּיטאַן.

מאַדאַם לעשאַ (מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, אויסער זיך פאַר ערשטוינונג). וואָס איז דאָס פאַר אַן עולם?

איזידאָר (אַ קלאַפּ טהאָנדיג זיך אין שטערן). זעה! ס'איז וואהר... די לייט פון מאַרעקור... אַה! צו'ן אַל-די רוחות! איך האָב זיי דאָך איינגעלאַדען... וואָס זשע, כ'האָב דיר, הייסט עס, גאָר נישט געזאָגט?

מאַדאַם לעשאַ (ווי פון אַ דונער געטראָפען). דו האָסט זיי איינגעלאַדען?

איזידאָר. יאָ, כ'לעבען!

מאַדאַם לעשאַ. וואָס טראַכסט דו זיך?... איך קען זיי ניט צונעהמען.

איזידאָר. נאַ! נאַ!

מאַדאַם לעשאַ (אַרונטערגעהענדיג צוריק פון די טרעפּ). פון וואַנען, איך בעט דיך, זאָל איך נעהמען עסען פאַר אָט די אַלע מענשען?

איזידאָר. ווערהלער... פריינד...

(ער לאָזט זיך שנעל אַנטקעגען די געסט, דריקט וואַרים יעדען איינעמ'ס האַנד.)

מאַדאַם לעשאַ (דערשלאָגען). מיין גאָט!

(זי קוקט זיי אַן מיט תמ'עוואַטע אויגען, ווי זיי קומען צו צו איהר.)

איזידאָר (געהענדיג פון איינעם צום אַנדערן). מיין ליעבער דאָקטאָר... מיין ליעבער פריעדענס-ריכטער... מאַדאַם...

ד ע ר  פ ר י ע ד ע נ ס־ר י כ ט ע ר. מיר האָבען זיך אַביסעל פערשפעטיגט.

א י ז י ד אָ ר. אָה, ניין, ניין... ס'איז נאָך גאָר פריה...

ד י  פ ר ו י  פ ו ּן'ם  פ ר י ע ד ע נ ס־ר י כ ט ע ר (צו מאַדאַם לעשאַ). טייערע מאַדאַם, מיר האָבען געלאָזט לאַנג וואַרטען אויף זיך...

ד ע ם  ד אָ ק ט אָ ר'ס  פ ר ו י. ענטשולדיגט אונז... אָט די רייזע מיט'ן אָמניבוס, וועלכע האָט גאָר קיין סוף ניט געוואָלט נעהמען!...

(אין דער צייט וואָס די דאַמען בעגריסען העפליך די מאַדאַם לעשאַ, האַלט איזידאָר אין איין אַרומגעהן פון איין גאַסט צום אַנדערן, דעם דריקט ער די האַנד און יענעם גיט ער אַ פריינדליכען קלאַפּ איבער'ן אַקסעל.)

א י ז י ד אָ ר (צום קאַפּיטאַן). נו, קאַפּיטאַן... דער רעמאַטיזם?

ד ע ר  ק אַ פּ י ט אַ ן. רעדט גאָרנישט דערפון! (ער סטאַרעט זיך אויסבויגען זיין קניע.) אָה! צום טייוועל!

א י ז י ד אָ ר. בעדער, קאַפּיטאַן!... בעדער! אַה! כ'האָב זיך געזעהן מיט דעם קריעגס־מיניסטער.

ד ע ר  ק אַ פּ י ט אַ ן. נו?

א י ז י ד אָ ר. נו, אָט וואָס... (ער נעהמט אַוועק דעם קאַפּיטאַן אָן אַ זייט, דורכגעהענדיג פערביי דעם לעהרער.) אַה! איהר ווייסט? כ'האָב זיך געזעהן מיט דעם פינאַנץ־מיניסטער.

ד ע ר  ל ע ה ר ע ר. נו?

א י ז י ד אָ ר. נו, אָט וואָס... (ער נעהמט אויך אַוועק דעם לעהרער מיט זיך.)

(די דאַמען דרעהען זיך נאָך אַלץ אַרום מאַדאַם לעשאַ. דער פריעדענס־ריכטער און דער דאָקטאָר ריידען מיט לוסיען. אין פערלויף פון דעם טומעל טרעטען גרוג און פינק אָב אָן אַ זייט.)

ג ר ו ג. הערט איהר, דאָס איז דאָך אַ ווילדער מענש...

פ י נ ק. מעגליך...

ג ר ו ג. אַ משוגע'נער... כ'מיין, מיר וועלען לייכט קריגען אַלץ וואָס מיר וועלען נור וועלען.

פינק. ס'איז נאָך אַ פראַגע... מען דאַרף זיך אָפּט היטען פאַר די דאָזיגע משוגעים... קוקט נור אָן זיין אויג... ער איז שרעקליך...

גרוג. ווייס איך וואָס!

פינק. לאָמיר בעסער זיין פאָרזיכטיג. איך קען זיי, די דאָזיגע פויגלען... זיי זיינען זעהר געפעהרליך.

גרוג. איהר וועט שוין אימער בלייבען דערזעלבער... אָהן אַ ברעקעל מוטה...

פינק. און איהר... האָט קיין אויגען ניט... אָבער קוקט איהם פאָרט אָן...

גרוג. אַ מאַן, וואָס קען זיך ניט לאָזען ערוועהלען אַלס דעפּוטאַט... פאַר געלד?

פינק. אַ מאַן, וואָס איז פעהיג אונז אָבצוציםבלען...

גרוג. דאָס וואָלט איך געוואָלט זעהן!

איזידאָר (צווישען אַ גרופּע, אין הינטערגרונד פון דער ביהנע). דער הערצאָג פון מאָזשי... אַ לאַנגער דראָנג... ער איז אָבגעוויִשט. (געלעכטער.)

מאַדאַם לעשאַ (נאָך אַלץ צוטראָגען, צו די, וואָס רינגלען זי אַרום). ענטשולדיגט אונז... מיר האָבען אַ גאַנץ קליינעם נאַכט־מאָהל.

איזידאָר (קומט צו צו די דאַמען). אַ קליינעם נאַכטמאָהל צווישען זיך... אַ קליינעם פאַמיליען־נאַכטמאָהל.

דעם דאָקטאָר'ס פרוי. דאָס זיינען די בעסטע...

מאַדאַם לעשאַ. פונדעסטוועגען דאַרף מען דאָך...

איזידאָר. ס'מאַכט ניט... ס'מאַכט ניט! אָט די דאַמען זיינען ניט געקומען אַהער עסען... זיי זיינען געקומען פערברייינגען אַ ווייִלע מיט דיר. (צו לוסיען, וועלכער וויל נעהמען אָבשיעד.) וואָס זשע, איהר בלייבט גאָר ניט צו נאַכטמאָהל?

לוסיען. אַ דאַנק, מיין העדר...

איזידאָר. אַה! אַה! די קליינע הוליאַנקעס... היינט אָבענד?... ס'איז אייער צייט... נאָר די מיסטינגונגס־שטאָפּען, מיין

ליעבער יונג... די מיסטיגוּנגס־שטאָפּען זאָלט איהר ניט פֿערגעסען... און געהט... (צווייטער גלאָקען-קלאַנג.) מיינע הערען, נעהמט אייערע דאַמען!

(די קאַמער-דיענער שטעלען זיך אויס ביי די טרעפּ צערעמאָניעל פֿוןביידע זייטען.)

מאַדאַם לעשאַ (אַרויפֿגעהענדיג די טרעפּ מיט'ן פֿריעדענס-ריכטער אונטערן אָרם). וואָלט איהר געגלויבט, אַז איך קען ניט פועל'ן ביי מיין מאַן... ער זאָל מיר טעלעפֿאָנירען?

דער פֿריעדענס־ריכטער. הערר לעשאַ איז אַזוי פֿערנומען!

איזידאָר (געהט געאַרעמט מיט דער פֿרוי פֿון'ם פֿריעדענס-ריכטער, הינטער דעם לעהרער, וועלכער דרעהט זיך אום צו הערען וואָס איזידאָר רעדט צו איהם). פֿאַרהאַן אין דעם „פּעטי טריקאָלאָר" פֿון היינט אָבענד אַ בעריהמטער אַרטיקעל... וואָס מאַכט אַ תל פֿון וויי'ן. איך רעקאָמאַנדיר איהם אייך. (צו דער פֿרוי פֿון'ם פֿריעדענס-ריכטער.) געשריבען פֿון דעם קליינעם ראַמפּאָן, וועמען איהר האָט געטראָפֿען דאָ, מיין איך...

די פֿרוי פֿון'ם פֿריעדענס־ריכטער. מאָסיע ראַמפּאָן?... אַ נידעריגער בלאָנדער מאַן, וואָס איז אַזוי קאָמיש?

איזידאָר. יאָ.

די פֿרוי פֿון'ם פֿריעדענס־ריכטער. וועלכער מאַכט נאָך סאַראַה בערנאַרד?...

איזידאָר. יאָ, יאָ.

די פֿרוי פֿון'ם פֿריעדענס־ריכטער. און וועלכער שפּיעלט פּיאַנאָ מיט'ן פֿוס... מיט דער נאָז?

איזידאָר, מיט אַלצדינג... גאַנץ ריכטיג... ער שרייבט זיך אונטער: פּאַרסיפֿאַל... אַן אויסגעצייכענטער יונג... און אַ גרויסער עקאָנאָם!...

(זיי פֿערשווינדען.)

## עלפטע סצענע.

לוסיען, דערנאָך זשערמען, דערנאָך אַ משרת.

(לוסיען איז געבליבען אויף דער ביהנע. ס'ווערט פינסטערלאַך. די לאַמטערנעס פון די טרעפ זיינען אָנגעצונדען. ער קוקט אַריבער צום פּאַלאַץ. אין דער רגע, וואָס ער ענטשליסט זיך אַוועקצוגעהן, בעוויזט זיך זשערמען ביים ווינקעל פון פּאַלאַץ, הינטער די טרעפ. זי לויפט צו צו לוסיען.)

זשערמען. דאָס ביסט דו דאָס?... (לוסיען קומט שנעל אַנטקעגען זשערמען'ן.) דו ענדליך!... כ'האָב געמיינט, אַז זיי וועלען גאָר קיינמאָל ניט אַוועקגעהן... (זי וואַרפט זיך אַריין אין זיינע אָרעמס.) לוסיען, מיין טייערער לוסיען!...

לוסיען (אומאַרמענדיג זשערמען'ן). מיין קליינע זשערמען!... איך בין געוועזען אַזוי אונגליקליך, אַזוי אונרוהיג וואָס איך האָב דיך ניט געקענט זעהן... קוק מיר אָן... קוק מיר אַקאָרשט גוט אָן... (ער נעהמט איהר אָן ביים קאָפּ.) וואָס זשע, דו ביסט קראַנק?...

זשערמען (אָנשפּאַרענדיג איהר קאָפּ אויף לוסיען'ס אַקסעל). ניין, ניין...

לוסיען. דו האָסט געוויינט...

זשערמען. ניין, ניין, כ'לעבען...

לוסיען. פאַרוואָס ביזט דו נאָר וואָס אַוועק?...

זשערמען (מיט אַ זיפץ). כ'האָב עס שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען... אָט די סצענעס מאַכען מיך קראַנק... דאָס דאָזיגע לעבען הרג'עט מיך אַוועק... איך ווער דערשטיקט פון שאַנד, פון צאָרן, פון אויפרעגונג אין אָט דעם הויז, וואו יעדען טאָג, יעדע מינוט קומט פאָר עפּעס אַן אַנדער אונגערעכטיגקייט, אַן אַנדער אונגליק, אויב ניט אַן אמת'ער פערברעכען... איך קען עס מעהר ניט אַריבערטראָגען... (מיט אַ גרעסערן זיפץ.) כ'קען עס מעהר ניט אַריבערטראָגען...

לוסיען (זיך אומקוקענדיג אַרום זיך). גיב אַכטונג... מען קען אונז נאָך זעהן... אונז הערען...

זשערמען. אַה! זאָל מען מיך הערען... וואָס מאַכט עס אוים?... און וואָס מאַכט עס דיר אוים? (מיט אַ נערוועזער בעוועגונג.) אַזוי ווייט ווי מיר האַלטען שוין, נאַ!...

לוסיען (זעהר צערטליך). בערוהיג זיך, מיין טייערע... כ'בעט דיך!

זשערמען (נאָך אויפגערעגטער). וואָס הייסט?... (פויזע.) יאָ, יאָ... דו ביסט דאָ אַצונד... ווי זים דאָס איז!... (זי טוליעט זיך צו צו לוסיען, וועלכער דריקט איהר צו צו זיין ברוסט.) ווי גוט דאָס איז!... (פויזע.) דו קענסט גאָר ניט וויסען, ווי דאָס דערוואַרימט מיך, דאָס וואָס דו ביסט דאָ לעבען מיר... און דו רעדסט מיט מיר... און דו וויגסט מיך... (פויזע.) דו זעהסט, איך בין שוין ניט מעהר נערוועז, אויפגערעגט... איך בין שוין ניט טרויעריג... איך בין צופריעדען... (פויזע.) זעהר, זעהר צופריעדען... (מיט אַ בעטענדער שטימע.) אַז דו וואָלסט געוואָלט... (מיט נאָך אַ דורכדרינגענדערער שטימע.) אַה! ווען דו וואָלסט געוואָלט... (זי קוקט איהם אַריין גלייך אין די אויגען, מיט ליידענשאַפט.) לוסיען...

לוסיען. טייערע זשערמען!

זשערמען. פיהר מיך אַוועק פון דאַנען... רייס מיך אַרויס פון דאַנען... (לוסיען מאַכט מיט דער האַנד.) יאָ, יאָ... כ'בעט דיך... האָב רחמנות!... די נויטה מיט דיר... די נויטה ווייט... ווייט פון דאַנען... אַה! וואָס פאַר אַן ערלייזונג!

לוסיען. גיב אַכטונג!

(אַ משרת בעווייזט זיך אויף די טרעפ, וועלכע ער געהט אַרונטער. ער קומט זוכען עפּעס, וואָס מאַדאַם לעשאַ האָט פערגעסען. ער געפינט אַ שאַל אויף'ן טיש און נעהמט איהם צו. אין דער צייט האָבען זיך זשערמען און לוסיען בעהאַלטען הינטער די ביימער. אַזוי גיך ווי דער משרת געהט אַוועק, קומען זיי צוריק אַרויס, נעהמען זיך אַרום, געהען דורך די ביהנע און פערשווינדען לינקס, לאַנגזאַם, שטיל, אַזוי ווי שאָטענס.)

פאָרהאַנג.

# צווייטער אקט.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה.

אַ קליינער סאַלאָן, אַ לאַ לואי דעם זעכצענטען, רייך מעבלירט מיט אַלטע, טהייערע מעבעל, נאָר דאָ און דאָרט מיט אַזעלכע קלייניגקייטען, וועלכע צומישען דאָס אויג. די וואַנד פֿון דעם הינטער-גרונד זיינען בעפוצט מיט נעצען פֿון אַלטע זייד. לינקס, אַ גרויסע טהיר, וואָס עפֿענט זיך אין נאָך אַ סאַלאָן, פונקט אַזוי רייך פֿערפוצט. נאָך אַ טהיר צו איזידאָר לעשאַ'ס קאַבינעט. רעכטס, אַ הויך פֿענסטער וואָס געהט אַרויס אין פּאַרק, וועלכען מען זעהט בעשטראַהלט פֿון דער זונן. אויף אַן אַלטען פּיעדעסטאַל שטעהט אַ שרעקליך מאָדערנער, געקינצעלטער און לעכערליכער אַ מ אָ ר, מיט אַ רויז אין דער האַנד. אין דער זייט זעהר שעהנע פֿערצירונגען און טייערע אַלט-וואַרג. אויף די וואַנד רעכטס און לינקס אַלטע פּאָרטרעטען פֿון פּרינצעסינען און אַמאָליגע פּריצים. עס וואַרפֿט זיך אין די אויגען אַ פֿולער פּאָרטרעט פֿון איזידאָר לעשאַ, מיט צוויי עלעקטרישע רעפֿלעקטאָרען ביי די זייטען.

## ערשטע סצענע.

### זשערמען, דער אויפֿזעהער.

(אַז דער פֿאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זיצט זשערמען ביי אַ טיש, זי בלעטערט צושטרייט אַן אילוסטרירטעס בוך. דערנאָך הויבט זי זיך אויף, געהט צו צום פֿענסטער, קוקט אַרויס אויפֿגערעגט, אונגעדולדיג, אַזוי ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אימיצען. דער אויפזעהער קומט אַרויס פֿון איזידאָר'ס קאַבינעט מיט אַ פּאַפּירען-טאַש אונטער'ן אָרם. ער בעגריסט שטילערהייט זשערמען'ן, שטעלט זיך ניט אָב, נאָר לאָזט זיך געהן גלייך צו דער טהיר אין הינטער-גרונד.)

זשערמען. הערר פֿון פֿאָנטענעל?

דער אויפֿזעהער. מאַדמואַזעל?...

זשערמען. איהר קומט פֿון מיין פֿאָטער?

דער אויפֿזעהער. יאַ, מאַדמואַזעל.

זשערמען. כ'האָב געמיינט, ער איז אַרויסגעגאַנגען.

דער אויפזעהער. ער איז ווירקליך די רגע אַרויסגעגאַנגען דורך דער גאַלעריע... ער געהט אין שטאַל... מיין איך.

זשערמען. ווי פיהלט ער זיך, היינט אין דערפריה?

דער אויפזעהער. זעהר גוט... זעהר פרעהליך...

זשערמען. זעהר פרעהליך!... ער האָט אייך גאָרנישט געזאָגט?

דער אויפזעהער. ניט בעזונדערעס, מאַדמואַזעל. ער האָט אַ היבשע ווייל טעלעפאָנירט... מכח די צוויי אינזשעניערען. דערנאָך האָבען מיר גערעדט וועגען געשעפט...

(אַ קורצעס שטיל-שווייגען.)

זשערמען. ווילט איהר מיר טהאָן אַ טובה, הערר פון פאָנטענעל?

דער אויפזעהער. מיט'ן גרעסטען פערגניגען, מאַדמואַזעל.

זשערמען. דער גערטנער, זשול, האָט שוין פערלאָזען וואָפערדי?

דער אויפזעהער. נעכטען אָבענד.

זשערמען. ער וועט שוין גאָר מעהר ניט קומען אַהער?

דער אויפזעהער. ס'וואָלט מיך זעהר געוואונדערט, ווען ער זאָל ניט קומען מאָרגען גאַנץ פריה צו מיר אין בּיראָ... איך קען זיי, אָט די אָרעמע מענשען... זייער ווידערשטאַנד האַלט ניט אָן מעהר ווי איין טאָג...

זשערמען (דערלאַנגענדיג דעם אויפזעהער אַ קאָנווערט). קענט איהר זיך אָננעהמען איהם איבערצוגעבען דאָס דאָזיגע ביסעל געלד?

דער אויפזעהער. גאַנץ געוויס, מאַדמואַזעל...

זשערמען. און איהם ניט זאָגען פון וועמען עס קומט...

דער אויפזעהער. ער וועט שוין אַליין פערשטעהן פון וועמען...

זשערמען. איהר געהט אַריין אין פּאַוויליאָן?

דער אויפזעהער. יאָ.

זשערמען. ווילט איהר זיך בעמיהען זאָגען דעם הערר גאַראַ, אַז איך וויל מיט איהם ריידען?

דער אויפזעהער. מיט פערגניגען...

זשערמען. כ'האָב איהם עפּעס צו פרעגען.

דער אויפזעהער. איהר ווייסט, מאַדמואַזעל, אַז איך בין תמיד גרייט אייך צו דיענען...

זשערמען. איך דאַנק אייך... (דער אויפזעהער בעגריסט און וויל אַוועקגעהן.) הערר פון פאָנטענעל?... (אַ קליינע פויזע.) ס'איז געכטען אָבענד פאָרגעקומען אַ זעהר שמערצליכע סצענע... אַ שוידערליכע סצענע... (דער אויפזעהער גיט אַ מאַך מיט דער האַנד, אַזוי ווי ער וואָלט זי געבעטען זי זאָל גאָרנישט ריידען דערפון.) איך בעט אייך, ניט נעהמט עס פאַר אומגוט... (זי שטרעקט איהם אויס די האַנד.)

דער אויפזעהער (זעהר גערירט). אָה, מאַדמואַזעל!... (ער נעהמט זשערמען'ס האַנד און גיט איהר אַ קוש. אין דער דאָזיגער בעוועגונג לאָזט ער אַרויס זיין פאַפּיערען-טאַש פון אונטערן אָרם. זשערמען הויבט עס שנעל אויף און דערלאַנגט עס איהם. קוים וואָס ער רעדט פון גערירטקייט.) מאַד—מואַזעל!... מאַדמואַזעל!...

זשערמען. יעדער האָט זיך זיין פעקעל צרות...

דער אויפזעהער (צורודערט, מיט אַ פערדריקטער קעהל). איך פערדיען ניט אייער גוטסקייט, מאַדמואַזעל... כ'האָב געפיהרט אַ שלעכט לעבען... כ'האָב... כ'האָב... כ'בין געווען זעהר גע־פאַלען... ווען איך האָב זיך געטראָפען מיט אייער פאָטער... אָהן איהם וואָס וואָלט איך געטהאָן?... און אָהן אייך, מאַדמואַזעל, וואָס וואָלט פון מיר געוואָרען דאָ?... (ער ווישט אָב אַ טרעהר.) איהר ווייסט ניט...

זשערמען (איבערשלאָגענדיג איהם לאַנגזאַם די רייד.) איהר זייט אונגליקליך... דאָס איז אַלעס וואָס איך וויל וויסען פון אייך...

(פינק און גרוג בעווייזען זיך ביי דער טהיר פון גרויסען זאַאַל.)

## צווייטע סצענע.

זשערמען, פינק, גרוג, דער אויפזעהער.

גרוג. ענטשולדיגט אונז, מאַדמואַזעל.

זשערמען (מיט אַביסעל אַ שטאָלצער העפליכקייט). איהר זוכט מיין פאָטער, מיינע הערן?

גרוג. יאָ, מאַדמואַזעל...

זשערמען. מיין פאָטער איז נאָר וואָס אַרויס פון שטוב...

פינק. עס פרעהט מיך צו זעהן, אַז איהר פיהלט זיך שוין ניט אַזוי שלעכט ווי נעכטען אָבענד.

זשערמען. אָה, איך פיהל זיך גאַנץ גוט. (צום אויפזעהער.) הערר פון פאָנטענעל, ווילט איהר אַזוי גוט זיין בעגלייטען די דאָזיגע הערן?

(זיי געהען אַרויס.)

## דריטע סצענע.

זשערמען, דערנאָך מאַדאַם לעשאַ, דערנאָך אַ משרת.

(זשערמען הויבט ווידער אָן אַרומגעהן, נאָך אַלץ אויפגערעגט, אונגעדולדיג, זעהר נערוועז. — ס'קומט אָן מאַדאַם לעשאַ, אָנגעטהאָן ווי אויף אויסצופאָהרען, מיט אַ געבעט-בוך אין דער האַנד.)

מאַדאַם לעשאַ (נאָך ביי דער טהיר). נו, זשערמען? דו ביסט נאָך ניט פאַרטיג?...

זשערמען. פאַרטיג?

מאַדאַם לעשאַ (אַריינקומענדיג אינעווייניג). ס'איז שוין צייט.

זשערמען. וואָס צייט?...

מאַדאַם לעשאַ. וואָס הייסט? צייט צו געהן אין קירכע...

(זי זעצט זיך אויף אַ פֿאָטעל און דערענדיגט פֿערקנעפּלען איהרע האַנדשוה.)

זשערמען. איך געה ניט אין קירכע...

מאַדאַם לעשאַ. אָט האָסט דו דיר!... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נייע פֿאַנטאַזיע?

זשערמען. ס'איז ניט קיין נייע און ניט קיין פֿאַנטאַזיע... כ'געה ניט אין קירכע, גאָר פּראָסט ווייל איך וויל ניט געהן אַהין...

מאַדאַם לעשאַ. דער פֿאָטער וועט זיין שרעקליך בייז... דו ווייסט ווי נייטיג ס'איז פֿאַר איהם, אַז מיר זאָלען געהן אין קירכע, איצט אין דער צייט...

זשערמען. איך וויל ניט וויסען, וואָס עס איז נייטיג אָדער ניט נייטיג פֿאַר מיין פֿאָטער... כ'האָב בלויז נאָכצוגעהן מיין אייגענעם געשמאַק... נאַ, און מיין געשמאַק איז צו בלייבען היינט אין דערהיים...

מאַדאַם לעשאַ (דערשלאָגען). אָט הויבט זיך שוין אָן!...

זשערמען. אַז דער פֿאָטער האָט זיך מיט אַמאָל אַזוי פֿערליעבט אין דער קירכע, פֿאַר וואָס זשע געהט ער אַליין ניט אהין?

מאַדאַם לעשאַ. הערסט דו... ער איז דאָך אַן אַנטי־קלעריקאַל, היינטיגעס יאָהר... מעהר ניט, ער מיינט ס'איז ניצליך פֿאַר זיינע געשעפֿטען, דער עיקר פֿאַר זיינע וואַהלען, אַז מיר זאָלען געהן אין קירכע... דאָס וועט מן הסתם ווינציג וואָס העלפֿען, נאָר אויך די אייגענע מעשה, מען קען דאָך איהם טהאָן די טובה...

זשערמען. ס'איז וואונדער־שעהן...

מאַדאַם לעשאַ. ס'איז אַ פּאָליטישע... קאָמבינאַציע.

זשערמען. נאַ, זאָל זיין אָהן מיר...

מאַדאַם לעשאַ. און אַחוץ דעם איז דאָך דאָס אַ שפּאַציר פֿאַר דיר... אַ צושטרייאונג... דו האָסט דאָך ניט קיין סך צושטרייאונגען דאָ...

ז ש ע ר מ ע ן (טרוקען). איך דאַרף ניט האָבען קיין צושטריי־אונג...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ (קוקט אָן איהר טאָכטער מיט אַ טרויעריגען בליק). איך זאָג דיר דעם ריינעם אמת, מיין אָרים קינד... כ'וויים ניט וואָס עס קומט פאָר ביי דיר אין קאָפּ זינט אַ שטיקעל צייט... נאָר עס מוז דאָרט אַודאי פאָרקומען עפּעס, וואס איז ניט גוט... דו ביסט פיבערדיג, אויפגערעגט, ווערסט וואָס ווייטער אַלץ פער־ביטערטער געגען אונז... דו ווילסט קיינעם ניט זעהן... טאָמער קומט אימיצער אַהער, לאָזסט דו איהם זיצען און געהסט זיך אַוועק... ווי אַנגענעהם דאָס איז פאַר אונז!... מען קען גאָר מיט דיר ניט ריידען. דו האָסט ווערטער, וואָס וואַרפען אויף מיר אַ שרעק... און דו וואונדערסט זיך נאָך, וואָס מען איז צייטענווייז אין כעס אויף דיר... איך פרעג זיך... הערסט דו? פאַרהאַן מאָמענטען, וואָס איך פרעג זיך, צי דו ביסט ווירקליך ניט אַבי־סעל געריהרט פון זינען?... נאַ, וואָס איז פאָרט דער מעהר מיט דיר?

ז ש ע ר מ ע ן. גאָרנישט...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. ביסט קראַנק?

ז ש ע ר מ ע ן. אָה ניין...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. אויב דו ליידסט פון עפּעס, זאָג עס מיר... (צערטליכער.) איך בין דאָך דיין מוטער... נאָך אַלעמען...

ז ש ע ר מ ע ן (מיט אַביסעל אַ מילדערער שטימע). איך לייד פון גאָרנישט...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. דו נעהמסט מיר אַוועק אַ שטיק לע־בען... מען וואָלט געקענט מיינען, כ'לעבען, אַז מען מאַרטערט דיך... אַז מען טהוט קיין זאַך נישט פאַר דיר... האָסט זיך פּילייכט צו בעקלאָגען אויף ווער עס איז?...

ז ש ע ר מ ע ן. אָה ניין... אָה ניין...

מ אַ ד אַ ם ל ע ש אַ. ס'איז אונגלויבליך... דו ביסט דאָ פריי ווי אַ פויגעל... דו געהסט, דו קומסט, דו טהוסט וואָס דיין האַרץ גלוסט... אָקוראַט ווי אַ אינגעל... היינט אין דער פריה ערשט,

בעטסט דו ביי מיר דריי הונדערט פֿראַנק... איך גיב זיי דיר... כ'האָב געקענט פֿאָדערן, דו זאָלסט מיר זאָגען, וואָס דו רעכענסט טהאָן מיט זיי... נאָר ניין, איך גיב זיי דיר אַזוי... אָהן טענות... געפֿין מיר אַסך מאַמעס, וואָס וואָלטען אַזוי געהאַנדעלט! וואָרים נאָך אַלעמען, דריי הונדערט פֿראַנק... דאָס איז אַ היבשע סומע... און מיט דיין שגעון צו זיין גוט־האַרציג צו מענשען, וועלכע פֿער־דיענען ניט, מען זאָל זיך מיט זיי אינטערעסירען... יאָ, יאָ... לאָמיך הערען, וואָס ווילסט דו פֿאָרט?...

זשערמען. איך וויל גאָרנישט... כ'בעט דיך, מאַמאַ, לאָמיר ניט ריידען דערפֿון...

מאַדאַם לעשאַ. מיין גאָט! וואָס פֿאַר אַן אונגליק איז מיר געשעהן!... כ'האָב צוויי קינדער... אַ זוהן, וואָס איז קיינמאָל ניטאָ אין דערהיים, וואָס פֿערשאַפֿט מיר די גרעסטע יסורים... אַ טאָכטער, וואָס האָט דאָס האַרץ ערגעץ אַנדערש... וועלכע בע־האַלט זיך פֿאַר מיר מיט איהרע געדאַנקען און וועלכע האָט קיינ־מאָל ניט קיין שמייכעל, קיין גוט וואָרט פֿאַר מיר... (מיט אַ טיעפֿען זיפֿץ.) ס'לוינט זיך טאַקי צו זיין אַזוי רייך!...

זשערמען. אָבער מאַמאַ... ס'איז דאָך ניט מיין שולד...

מאַדאַם לעשאַ (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). נו, אַודאי איז דאָס מיין שולד... איך וויים, אָה, איך וויים... כ'בין ניט קיין גרויס־אַרטיגע דאַמע, איך... כ'קען ניט ריידען מיט דיר פֿון הויכע זאַכען... ווי איהר רעדט אַודאי, דער הערר גאַראָ און דו...

זשערמען (מיט אַביסעל אַ שאַרפֿערען קול). מאַמאַ... כ'בעט דיך...

מאַדאַם לעשאַ. מען האָט מיך ניט ערצויגען דערצו, דאָס איז אמת... איך בין מעהר ניט ווי אַן איינפֿאַכע עהרליכע פֿרוי... (פּויזע.) ס'איז ניט אַזוי גוט אין געזעלשאַפֿט, וואו מען פֿיהרט הויכע געשפּרעכען... אָבער אין לעבען איז דאָס אפשר מעהר ווערטה איידער...

זשערמען. אָבער מאַמאַ... ס'האַנדעלט זיך דאָך גאָרנישט וועגען אָט דעם אַלעמען...

מאַדאַם לעשאַ. יאָ, יאָ... אָה, מיין גאָט! (זי הויבט זיך אויף.) וואָס זשע בלייבט? דו געהסט טאַקי ניט מיט מיר אין קירכע?

זשערמען. גלויב מיר... כ'וויל בעסער בלייבען אין דער־היים...

מאַדאַם לעשאַ (אונרוהיג). אויב אַזוי... דאַרף איך דאָך איבערבייטען דעם וואָגען... (קלינגט אָן.) דו זעהסט, ווי דיינע קאַפריזען פֿערשאַפֿען יעדען איינעם אומזיסטע מיה... (אַ משרת קומט אַריין.) זאָגט אין שטאַל, מען זאָל איינשפאַנען די אַלטע פֿערמאַכטע קאַרעטע... און בלויז איין פֿערד...

דער משרת. כ'בין דאָס טאַקי אַריינגעקומען אָנזאָגען דער מאַדאַם, אַז דער מאַדאַם'ס וואָגען שטעהט שוין אַ געשפאַנטער...

מאַדאַם לעשאַ. דער אָפֿענער וואָגען?

דער משרת. יאָ, מאַדאַם...

מאַדאַם לעשאַ. צו צוויי פֿערד?

דער משרת. יאָ, מאַדאַם...

מאַדאַם לעשאַ. איך דאַרף עס ניט... זאָגט, מען זאָל שפאַנען די פֿערמאַכטע קאַרעטע... די אַלטע קאַרעטע...

דער משרת. זעהר שעהן, מאַדאַם...

(ער געהט אַרויס.)

זשערמען. דו וועסט פֿערשפעטיגען... וועסט קומען נאָך אַלעמען...

מאַדאַם לעשאַ. נישקשה, ס'וועט נאָך בלייבען גענוג פֿאַר מיר אויך... אָבער דאָס איז איבער מיינע כוחות... איך קען ניט פֿאָהרען איינע אַליין אין דעם אָפֿענעם וואָגען מיט צוויי פֿערד... איך פֿיהל זיך עפעס גאָרניט בעקוועם דאָרט... ס'איז אפשר אַ נאַרישקייט... נאָר וואָס זאָל איך טהאָן?... איך שעהם זיך צו זיצען דאָרט איינע אַליין... כ'מוז האָבען אימיצען מיט מיר, אָדער כאָטש עטליכע פעקלאַך... נאַ!... (פויזע.) כ'וועל דערווייל אַריינגעהן אַ קוק טהאָן וואָס טהוט זיך אין שטוב... (פֿערטראַכט

זיך אויף אַ רגע.) כ׳מיין, אַז די צוויי הערךן פֿאָהרען אָב היינט אָבענד...

זשערמען. וואָס וויים איך?

מאַדאַם לעשאַ. כ׳וויים ניט וועגען וואָס זיי זיינען דאָ, ניט פֿון וואַנען זיי קומען, נאָר זיי האָבען עפּעס אַ מאָדנעם אויסזעהן...

זשערמען. ניט מעהר ווי די אַנדערע... אַלע מענשען, וואָס דער פֿאָטער ברייננגט אַהער, זיינען עהנליך איינע צו די אַנדערע.

מאַדאַם לעשאַ. טאַקי!... געשעפֿטס־לייט... ס׳איז אַלצ־איינס... אויף איזידאָר׳ס פלאַץ וואָלט איך געווען פֿאָרזיכטיג.

זשערמען. כ׳מיין, זיי דאַרפֿען זאָגען דאָסזעלבע וועגען דעם פֿאָטער...

מאַדאַם לעשאַ. נאַ, נאַ!... זיי ניט קיין שלעכטע... ווילסט מיר גאָר ניט געבען קיין קוש?

זשערמען. נו געוויס, מאַמאַ...

(זי אומאַרמט איהר מוטער מיט אַביסעל צערטליכקייט.)

מאַדאַם לעשאַ. אַה! ווען דו וואָלסט געוואָלט!... ווען אָט דאָס איינגעשפּאַרטע קליינע קעפּעלע וואָלט געוואָלט!... אָבער גיב כאָטש איינמאָל אַ שמייכעל... פֿון מיינעטוועגען... (אַ בלאַסער, טרויעריגער און געצוואונגענער שמייכעל פֿון זשערמען.) און די דריי הונדערט פֿראַנק?... אויף וואָס האָסט דו זיי געדאַרפֿט?...

זשערמען. אָה, מאַמאַ... דו האָסט מיר פֿערשפּראָכען...

מאַדאַם לעשאַ. שוין גוט, שוין גוט... (זי לאָזט זיך אַרויס־געהן, צוקומענדיג צו דער טהיר פֿון הינטער-גרונד, קעהרט זי זיך אום.) מיין געבעט־בוך... (זשערמען נעהמט אויף׳ן טיש דאָס געבעט-בוך און דערלאַנגט עס דער מוטער.) אַה!... טאָמער קומט דיין ברודער, איידער איך וועל זיין צוריק... שטראָף איהם אַביסעל אויס... ווער ווייסט, וואָס מיר וועלען נאָך היינט הערען?

זשערמען. כ׳האָב קיין איינפֿלוס ניט אויף קסאַוויע׳ן... איבעריגענס, ער טהוט וואָס ער וויל...

מאַדאַם לעשאַ. זאָל זיין אַזוי! (מיט אַ בעטענדען טאָן.) טהו זיך איבער אַביסעל צום מיטאָג... כ׳וואָלט דיך געוואָלט זעהן שעהן... זאָגסט מיר צו?

זשערמען. יאָ, מאַמאַ.

מאַדאַם לעשאַ. זעהר שעהן... (זי געהט אַרויס.)

## פערטע סצענע.

### זשערמען, אַ גערטנער־יונג.

(זשערמען הויבט פון דאָס ניי אָן אַרומגעהן אָן אויפגערעגטע, אַ גערטנער-יונג קומט איבערבייטען די בלומען. דערזעהענדיג זשערמען׳ן, וויל ער ניט אַריינגעהן.)

זשערמען. קומט אַריין... קומט אַריין!...

דער גערטנער־יונג. פאַרדאָן, מאַדמואַזעל... מען האָט זיך אַביסעל פערשפעטיגט היינט, צוליעב דעם וואָס זשול איז אַוועק פון דאַנען... (ער שטעלט אַוועק נייע בלומען אָנשטאָט די אַלטע. ער בייט אום די רויז, וואָס דער „אַמאָר“ האַלט אין דער האַנד, זיך אָבּרוקענדיג אַביסעל, אום צו אורטהיילען וועגען דעם עפעקט, זאָגט ער מיט פערוואונדערונג.) ס׳איז אמת שעהן... דאָס!

זשערמען. דער נייער גערטנער איז שוין געקומען?

דער גערטנער־יונג. ער ציהט זיך אַריין איצט. אַ הויכער שוואַרצער... מיט אַ באָרד... (ער טהוט ווייטער זיין אַרבייט.) מאַדמואַזעל האָט ניט פערלאַנגט קיין בלומען פאַר זיך, היינט אין דערפריה?...

זשערמען. ניין, אַ דאַנק.

(דער גערטנער-יונג האָט געענדיגט, קלייבט זיך אַרויסגעהן, מיטגעהענדיג מיט זיך די אַלטע בלומען, ס׳קומט אַריין לוסיען.)

דער גערטנער־יונג. אַ שעהנעם גוט מאָרגען, הערר גאַראָ.

לוסיען. גוט מאָרגען, מיין יונג! (דער גערטנער-יונג אָב.)

## פינפטע סצענע.

### זשערמען, לוסיען.

לוסיען (וואַרט ביז וואַנען דער גערטנער־יונג געהט אין גאַנצען אַרויס.) ס'איז דיר גאָרנישט געשעהן, וויניגסטענס?

זשערמען. ניין... כ'האָב דיך בלויז געוואָלט זעהן, כ'האָב זיך געוואָלט דורכריידען מיט דיר... גאָר קיין נייעס ניט געווען היינט אין דער פריה מיט דער פּאָסט?

לוסיען. ליידער, גאָרנישט! (שטילשווייגען.)

זשערמען. הערסט דו, לוסיען... מען מוז מאַכען אַ סוף... היינט נאָך... מיר קענען ניט בלייבען לייגגער אין אָט דערלאַגע פון אונענטשלאָסענקייט, אין וועלכער מיר געפינען זיך. וויניגסטענס איך... איך קען עס מעהר ניט.

לוסיען (טרויעריג). דו האָסט זיך דאָך ענטשלאָסען צו האָבען געדולד?

זשערמען. האָבען געדולד... רק האָבען געדולד... און פון געדולדיגע טעג ווערן וואָכען פון אונטערוואָרפענקייט... דאָס הייסט געגנומען אונזער גליק און אַרויסגעוואָרפען פאַר די הינט... ניין, ניין... ערשטענס איז אָט דער שטענדיגער צוואַנג, אָט דער טעגליכער ליגען ניט פאַסיג ניט פאַר דיר און ניט פאַר מיר... און אַחוץ דעם... ליגט מיר דאָס דאָזיגע הויז, ווייסט דו, ווי אַ שווערער שטיין אויף'ן האַרצען, אַז עס איז שוין איבער מיינע כוחות... כ'קען עס מעהר ניט אַריבערטראָגען... איינמאָל פאַר אַלע מאָל, מיין טהייערער לוסיען, לאָמיר זיין דאָס וואָס מיר זיינען... בראַוו... אָפענהערציג... פאַר דער גאַנצער וועלט...

לוסיען. איך בעט דיך, האָב נאָך אַביסעל געדולד... בלויז עטליכע טעג... האָסט דאָך געזעהן די בריעף...

זשערמען. די בריעף!...

לוסיען. עס זיינען דאָרט פֿאַרהאַן די ערנסטסטע פֿער־שפּרעכונגען...

זשערמען. די פֿערשפּרעכונגען!...

לוסיען. דאָך, מיין טהייערע, איז דאָך דאָס אונמעגליך איך זאָל ניט קריגען גאָר אין גיכען די שטעלע, וואָס וועט דיך וויניגסטענס בעשיצען פֿון נויטה...

זשערמען. ס׳איז דאָך אָבער ניט נייטיג, אַז מיר זאָלען דוקא וואַרטען אויף איהר דאָ... אויב זי וועט קומען... וועט זי דאָך אונז טרעפֿען דאָרט, וואו מיר וועלען זיין... ביידע, אַליין, פֿאַר זיך... פֿאַרוואָס פֿערגעסט דו דאָס?...

לוסיען. אָבער מאָרגען... פֿילייכט...

זשערמען. מאָרגען... פֿאַרוואָס מאָרגען? פֿאַרוואָס אָב־לייגען אויף מאָרגען?... ניין... מען מוז מאַכען אַ סוף... אויב דו ליעבסט מיך...

לוסיען. אויב איך ליעב דיך!...

זשערמען. נו, הער מיך אויס... (זי נעהמט איהם פֿאַר די הענד.) אַז איך בין היינט בעגינען צו טאָג אַריין צוריק צו זיך אין צימער, האָב איך בשום אופן ניט געקענט אַנשלאָפֿען ווערן... צו פֿייערדיג האָבען דיינע קושען געברענט אויף מיינע ליפּען... צו שטאַרק האָבען דיינע ווערטער געלעבט אין מיר... כ׳האָב ניט געוואָלט בלייבען אַליין מיט זיך. כ׳האָב אָבגעוואַרט, עס זאָל אין גאַנצען ליכטיג ווערן, און איך בין אַרונטערגעגאַנגען און איך בין אַרויס אויף׳ן פֿעלד... דערנאָך אין וואַלד... און איך בין געגאַנ־גען... געגאַנגען... תחילת האָט עס מיר גוט געטהאָן... מיינע נערווען האָבען זיך בערוהיגט... כ׳האָב געפֿיהלט, עפּעס אַזוי ווי איך בין אין גאַנצען אָבגעבאָדען אין פֿרישקייט און אין פֿרייד... און איך האָב געטראַכט וועגען דיר... וועגען אונז... וועגען אונזער צערטליכקייט... די אונגעהייערע און ווילדע צערטליכקייט אונ־זערע... ווילד ווי די בוימער, וועמעס נאַסע צווייגען איך האָב אָנגעריהרט מיט די הענד... און ווי די בלומען, וועמעס יונגען פֿאַרפֿיום איך האָב איינגעאָטהעמט אין זיך... דערנאָך האָב איך

געגומען געהן צוריק לאַנגזאַם... מיט אַ רוהיג האַרץ... גליקליך... יאָ, כמעט גליקליך... מיט אַמאָל האָב איך פֿון וואַלד דערזעהן דעם שלאָס, וועלכער איז געשטאַנען דאָרט ווייט אַנטקעגען מיר... דאַן האָט מיר אַ קלאַפּ געטהאָן אין האַרצען... אָקוראַט ווי איך וואָלט דערזעהן דעם טויט פֿאַר די אויגען... דאָס איז געווען אַ מורא'דיגע מינוט... אַ מינוט פֿון שרעקליכען כישוף... שווערער ווי ווען עס איז האָט מיר געדריקט אויף'ן האַרצען דאָס ווירקליכע, פּיזישע בילד פֿון אַלצ-דינג, וואָס אָט דער שלאָס בעהאַלט אין זיך... פֿון אַלץ וואָס ער צודריקט, פֿון אַלץ וואָס ער דער'הרג'עט אַרום זיך... אָט די וועלדער, אָט די פֿעלדער, אָט דער פּאַרק, אָט די שטיינערנע מאַסע, וואָס באָדט זיך אין דער זונן, — דאָס זיינען פֿערברע-כען!... ניטאָ קיין איין גרעזעלע, קיין איין שטיינדעלע, קיין איין זאַך, וואָס זאָל ניט זיין גע'גנב'עט... און אויף אָט דער ערד, וואו איך בין געגאַנגען, אויף אָט דער ערד, וואָס איז מיינע... וואָרים זי איז דאָך מיינע, ווייסט דו... האָב איך געהערט בלויז שלוכ-צען... האָב איך קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן, נור טרעהרען און בלוט... עפּעס האָט זיך מיר געדוכט, אַז אַלעס אַרום מיר שרייט צו מיר: „גנב'טע... גנב'טע!..." און די פֿרייד, וואָס איז געווען אין מיר, האָט זיך פֿערוואַנדעלט אין יסורים... און די ליעבע, וואָס איז געווען אין מיר, איז פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין צאָרן און האַס... ניין, ניין... איך קען עס מעהר ניט אַריבערטראָגען... איך קען עס שוין מעהר ניט אַריבערטראָגען... כ'האָב געמיינט, אַז איך וועל פֿון איצט אָן און ווייטער טראַכטען נור פֿון דיר... אַז איך וועל קענען אַריבערטראָגען אַלעס מיט דיר... אָבער ניין... אויב איך בלייב דאָ, לוסיען, וועל איך נאָך סוף כל סוף אָנהויבען האַסען דיך אויך...

לוסיען. אַלזאָ... דו ווילסט אַוועקגעהן פֿון דאַנען?

זשערמען (מיט אַ פֿעסטען טאָן). יאָ!... אָה, יאָ!...

לוסיען. וואו זאָלען מיר געהן?

זשערמען. ס'מאַכט ניט אויס וואו...

לוסיען. פֿון וואָס וועלען מיר לעבען?

זשערמען. קען איך דען ניט אַרבייטען? כ'האָב גענוג ענערגיע... און אַ ווילען צו זיין פֿריי און גליקליך...

לוסיען. און אַרבייט?... וועסט דו קריגען? אָה! מיין טהייערע זשערמען... פֿערלאָז זיך אויף מיר, וואָרים איך קען דאָסווירקליכע לעבען... און איך האָב שוין גענוג געליטען און גע־קעמפּפֿט... לאָמיך ניט דאַרפֿען אָנפֿאַנגען מיט דיר איבער אַ נייעס אַ לעבען, וואו איך אַליין בין שיער ניט אונטערגעגאַנגען אין גאַנצען... וואָרים שרעקליך איז דער אָבגרונד, וואו די נויטה קען דיך אַראָבציהען... מען פֿערלירט דערביי אָפֿטמאָל דאָס לע־בען... מען פֿערלירט נאָך עפּטער אַ טהייל פֿון'ם שטאָלץ, פֿון'ם געוויסען... און... וואָס איז ערגער פֿון אַלעס, אַ טהייל פֿון דער ליעבע... אויב דאָס אונגליק וויל, אַז מען זאָל ליעבען, אין אַזעלכע טראַגישע מאָמענטען... און דאָך בין איך, דוכט זיך, געווען אינטעליגענט גענוג; כ'האָב, כ'לעבען, געהאַט ענערגיע, אַ פֿאַך אין די הענד און אַ פֿעסטען ווילען זיך צו ערהוילען דורך דער אַרבייט... כ'האָב געהאַט אַט דאָס אַלעס... נאָר קיין אַרבייט האָב איך ניט געהאַט... יאָ, דריי יאָהר צייט האָב איך אומזיסט גע־זוכט... אומזיסט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין אַלע טהירען... קיין איינע האָט זיך זאָגאַר ניט געעפֿענט... דאָס איז אונגלויבליך... דאָס איז אָבער פֿאָרט אַזוי...

זשערמען. אָרעמער יונג!

לוסיען. כדי ניט צו שטאַרבען פֿון הונגער... פֿון הונ־גער, דו פֿערשטעהסט?... האָב איך געמוזט טהאָן פֿערשיעדענע ערליי ערנידעריגענדע אַרבייטען... מאַכען מיט זיך אַזעלכע קאָמ־פּראָמיסען, וועלכע זיינען אָפֿטמאָל געווען שענדליך... אַה! ווען איך זאָל דיר דערצעהלען דעם דאָזיגען טהייל פֿון מיין לעבען!... און איך בין געווען אַ מאַן, דאָס הייסט אַ פּריווילעגירטעס, בעשיצטעס וועזען... וועמען די געזעלשאַפֿט ערלויבט אַלע סאָרטען בעשעפֿ־טיגונג... פֿאַר וועמען אַלע קאַריערעס זיינען אָפֿען... דו... דו ביסט אַ פֿרוי... און די געזעלשאַפֿט קען דיך ניט...

זשערמען. דו האָסט ניט געהאַט גענוג צוטרוי צו זיך אליין... אַצונד וועלען מיר זיין צווי צו קעמפּפען...

לוסיען. צווי... דאָפּעלט צו ליידען... און צווי מאָל בעזיעגט צו ווערן... אָט דאָס שרעקט מיך אַזוי אָב און טרייבט מיך צו זיין פאָרזיכטיג...

זשערמען. נו, און מיר... מיר גיט דאָס גראָד דרייסט־קייט און האָפנונג...

לוסיען. דיין בעגייסטערונג קען דיך פערפיהרען ווער זוייסט וואוהין, מיין טהייערע... אַצונד, ווען איך דאַרף זאָרגען פאַר דיין זעעלע... און פאַר דיין עקזיסטענץ... איז מיין פליכט דיר צו ווייזען דאָס לעבען אַזוי ווי עס איז און ניט ווי עס חלום'ט דערפון דיין וואַרעמע, איידעלע נאַטור, וועלכע שטרעבט כסדר צום אַבסאָלוטען... ניטאָ קיין שום אַבסאָלוטעס אין לעבען...

זשערמען. וויבאַלד ס'איז פאַרהאַן אַבסאָלוטעס אין'ם ליידען און אין דעם פערברעכען... קען עס דאָך אויך זיין אין'ם גליק און אין דער ריינקייט...

לוסיען. ניט דאָ און ניט דאָרט...

זשערמען. און אין דער ליעבע?...

לוסיען. אַך!...

זשערמען. אַלזאָ, ליעבסט דו ניט... און דו ליעבסט מיך ניט, אויב דו האָסט ניט אין דער ליעבע דעם בלינדען און ער־האַבענעם גלויבען, וועלכער בעזיעגט אַלצדינג...

לוסיען. איך ליעב, און איך ליעב דיך מעהר ווי אַלעס אין דער וועלט...

זשערמען. אויב אַזוי, טענה ניט... נעהם מיך... פיהר מיך אַוועק פון דאַנען... ניטאָ קיין שום ווירקליכקייט, אַחוץ די, וואָס די ליעבע בעשאַפט אין די מענשליכע זעעלען... אַלעס אי־בעריגע איז גאָרנישט... אַלעס איבעריגע איז ניטאָ...

לוסיען. אַלעס איבעריגע... דאָס איז דאָס גאַנצע לע־בען... עס קען אונז צומאָהלען אויף שטויב... פאַר מיר אַרט מיך גאָרנישט, איך בין שוין געוואוינט דערצו... אָבער דו?... או

טאַקי מחמת דעם וואָס מיין ליעבע צו דיר איז שטאַרק, טיעף, אייביג... האָב איך אַזוי מורא זיך צו שפּיעלען מיט אַ גליק, וואָס איך וויל בעהאַלטען אויף שטענדיג, און וואָס איך וואָלט אויך געוואָלט בעשיצען געגען דיינע גוטע און איידעלע אונפאָרזיכטיג־קייטען...

זשערמען. געה שוין, געה!

לוסיען. וואָס זשע, דו צווייפעלסט אין מיר?

זשערמען. ניין, ניין... אָה, ניין!... ניט מעהר, דו צו־געליעדערסט אַלצדינג מיט דיין פאָרזיכטיגען און שרעקעדיגען גייסט, אַזוי ווי אַ מאַן און אַ געלערענטער מאַן טהוט... איך... איך שריי אַרויס מיט מיין גאַנצען פרויען־האַרץ... דאָס געהסט דו אַרום און „חלום'סט און פאַנטאַזירסט... איך בין נאַטירליך און איך קוק דעם לעבען גלייך אין די אויגען אַריין... נאַ, לאָמיר אַקאָרשט זעהן... וואָס ווילסט דו טהאָן?...

לוסיען. וואַרטען נאָך אַביסעל...

זשערמען. זאָל זיין אַזוי... און אַז דאָס, אויף וואָס דו וואַרסט, וועט ניט קומען... וועט קיינמאָל ניט קומען?

לוסיען. ס'איז אונמעגליך...

זשערמען. דאָך האָסט דו נאָר וואָס אַליין געציטערט דערפאַר... נאַ, גיב עס כאָטש צו... (לוסיען שווייגט.) זעהסט דו שוין... (פויזע.) ניין... פאַרהאַן עפּעס אַנדערש, וואָס דו זאָגסט ניט אַרויס, און וואָס איך פיהל זינט עטליכע טעג אין דיין האַל־טונג, אין דיינע רייד... איך וועל עס דיר זאָגען איצט, אַז עס האַלט דערביי...

לוסיען. כ'זאָג דיר זיכער, ס'איז ניטאָ קיין שום אַנדער זאַך...

זשערמען. פאַרהאַן מיין פאָטער... דאָס איינזעהעניש מיט מיין פאָטער...

לוסיען. ניט קיין איינזעהעניש מיט דיין פאָטער... איינ־זעהעניש מיט מיר אַליין, פיליכט...

זשערמען. ס'איז אַלצאיינס... קודם כל, איז ניט איצט

די צייט דערצו... און אַחוץ דעם, גאַנץ אָפֿען גערעדט... האָבען איינזעהעניש מיט דעם הערר איזידאָר לעשאַ... דאָס איז אַ לוקסוס, וואָס דו וואָלסט זיך כ׳לעבען געקענט בעגעהן אָהן דעם...

לוסיען. איך בין איהם פֿיעל שולדיג.

זשערמען (ציהענדיג מיט די אַקסלען). אַזוי ווי הערר פֿון פֿאָנטענעל... מיין פֿאָטער פֿערוואַנדעלט אין אַ הייליגען... אין אַ רעטער פֿון דער מענשהייט... כ׳וואָלט זיך קיינמאָל ניט געריכט אויף אַזויפֿיעל איראָניע...

לוסיען. ניטאָ וואָס צו שפּאַסען... ער האָט מיך געראַטעוועט פֿון עלענד און נויטה... איך האָב זיך געפֿונען אין דער סאַמע לעצטער שטופֿע פֿון פֿערצווייפֿלונג, ווען ער האָט מיר אויסגעשטרעקט אַ האַנד...

זשערמען. כדי דיך נאָך טיעפֿער אַריינצושליידערן אין דעם תהום פֿון ערנידעריגונג... כדי צו מאַכען פֿון דיין אינטעליגענץ, פֿון דיינע קענטעגישען, פֿון דיינע מאָראַלע טוגענדען, וואָס ער האָט אפילו ניט געוואוסט ווי אַזוי אויסצוניצען, אַן עקעלהאַפֿטען פורים־שפּיעל... און אַ בעטרוג, ווי דו אַליין האָסט געזאָגט...

לוסיען (מיט אַן אומעטיגען טאָן). אָה! איך האָב דאָס געזאָגט אין אַ מאָמענט פֿון שטאָלץ... פֿון בייזען שטאָלץ...

זשערמען (אויסער זיך פֿאַר אויפֿרעגונג). נאַ, און איך... איך וויל עס ניט... דעם וואָס איך ליעב, וויל איך ניט, מען זאָל איהם אָנריהרען און ניט אַז מען זאָל איהם ערנידעריגען... (פּויזע.) וואָס זשע, אויף צו ליעבען זיך דאַרפֿען מיר ווירקליך האָבען די צושטימונג פֿון אַנדערע, די עפֿענטליכע צערעמאָניעס און די קאָנטראַקטען ?... האָב איך דען ניט דאָ טאָג־טעגליך געלערענט פֿון מיין פֿאָטער, אַז די קאָנטראַקטען זיינען בלויז געמאַכט, כדי מען זאָל זיי ברעכען... די שבועות, כדי מען זאָל זיי ניט האַלטען ?... (מיט אַביסעל וויניגער אויפֿרעגונג.) און מיך ?... וואָס זשע, ער האָט אפשר מיך אויך ווען עס איז געראַטעוועט פֿון עלענד און נויטה ? האָט ער אויך מיר ווען עס איז אויסגעשטרעקט די האַנד ?...

לוסיען (זעהר צערטליך). פערשטעהע דאָך, כ׳בעט דיך, מיין טהייערע זשערמען... איך וויל ניט פערטהיידיגען דיין פאָטער געגען דיר... דו האָסט אפשר אַ גרונד, און דו האָסט אַודאי דאָס רעכט, איהם ניט צו ליעבען... מחמת דו האָסט געליטען פון איהם... אָבער וואָלסט דו ניט געקענט איהם ניט ליעב האָבען און אין דערזעלבער צייט איהם ניט אורטהיילען אַזוי שרעקליך ווי דו טהוסט?...

זשערמען. מיין אורטהייל קומט פון מיין האַס... איך קען זיך גאָרנישט העלפען... (אַ בעוועגונג פון לוסיען.) וואָס איז דיר אַזוינס?

לוסיען. דו פערשאַפסט מיר פיעל עגמת נפש...

זשערמען. נאָך וואָס זאָגסט דו עס מיר?

לוסיען. וואָס זשע, דו ביסט עס אַזוי זיכער, אַז דו קענסט דיין פאָטער?... ביסט דו זיכער, אַז דיין פאָטער איז... שטענדיג פעראַנטוואָרטליך פאַר זיינע מעשים?

זשערמען. אַז מיין פאָטער וואָלט געווען בלויז אַ משוגע׳-נער, וואָלט איך אַריבערגעטראָגען זיין שגעון... איך וואָלט איהם זאָגאַר געקענט ליעבען און איהם היילען מיט מיין ליעבע... אָבער... ער איז ניט קיין משוגע׳נער... אַזאַ פעסטער בחור, וואָס פערלירט קיינמאָל ניט קיין גלייכגעוויכט אין די מורא׳דיגסטע קאַפריזען זיינע... אַ מאַן, וואָס איז אַזוי שרעקליך לאָגיש אין זיין שגעון... איז ניט קיין משוגע׳נער...

לוסיען. מיין אָרעמע זשערמען!... (ער ציהט צו זשערמען׳ן צו זיך, נעהמט איהר אָן פאַר׳ן קאָפּ, מיט אַ צערטליכער, לאַסטשענדער שטימע.) טייער, קליין ווילד קעפעלע... אַה! ווען איך וואָלט געקענט אַריינפיהרען אַהער מעהר איינזעהעניש און מעהר מיטלייד!... ווען איך וואָלט געקענט... (ער גיט איהר אַ קוש אין שטערן.) אַריינברייננגען אַהער אַן אמת׳ערן בעגריעף פון לעבען!... (ער קוקט זי דאַן אָן אַ היבשע ווייל׳ע.) דאָס ליידסט דו פון זיך אַליין, נאָך מעהר איידער פון דיין פאָטער...

זשערמען. אָה ניין... אָה ניין...

לוסיען. יאָ, יאָ... דו ליידסט דערפֿון, וואָס דו טרוימסט פֿון זאַכען, וועלכע זיינען איבער־מענשליך... און דיין אידעאַל פֿון אַבסאָלוטער גערעכטיגקייט... אָה, גלויב מיר... וועט דיר פֿער־שאַפֿען גענוג שמערצען אין דער צוקונפֿט... איך בין אויך ניט קיין הייליגער... איך בין אַזוי ווי אַלע מענשען... צונויפֿגעשטעלט פֿון גוטס און שלעכטס... פֿון שלעכטס אפשר מעהר נאָך איידער פֿון גוטס... ווער איז מיר ערב, אַז דעם טאָג, ווען דו וועסט זיך אַרומקוקען, אַז איך בין ניט מעהר ווי אַ מענש... אַן אָרעמער מענש פֿון דער ערד... אַז דו וועסט מיך ניט האַסען דערפֿאַר וואָס איך וועל שוין מעהר ניט זיין פֿאַר דיר די גלענצענדע פֿאַנטאַזיע, וואָס דו האָסט זיך בעשאַפֿען אין קאָפּ?... און דאַן... וואָס וועט ווערן פֿון דיר?

זשערמען. ס'איז דוס, דאָס וואָס דו זאָגסט מיר דאָ...

לוסיען. ניין, ס'איז מענשליך... און דו וועסט איבעראַל געפֿינען, אַביסעל שטאַרקער אָדער שוואַכער, און אונטער אַנדערע פֿאָרמען... דאָס וואָס דו האָסט געזעהן דאָ ביי דיר... די דעקאָ־ראַציעס קענען זיך זיין פֿערשיעדען, דאָרט וואו דעם מענשען'ס זעעלע וואוינט... נאָר די זעעלע איז דיזעלבע... אָדער אַביסעל אַנדערש. ס'איז די אָרעמע מענשליכע זעעלע מיט איהר גיעריג־קייט, איהרע אינטערעסען, איהרע צושטערענדע ליידענשאַפֿטען... איהרע ווידערשפּריכע... איהרע פֿערברעכען... יאָ!... אָבער אויך מיט דער שווערער לאַסט פֿון איהרע יסורים, פֿון איהר ביטערן עלענד... און מען דאַרף זי גיכער בעדויערן, איידער האַסען... וואָרים מען קען גאָרנישט וויסען... ביי דעם געזונקענסטען מענשען, ביי דעם ערגסטען פֿערברעכער איז תמיד פֿאַרהאַן, פֿאַר דעם וואָס קוקט מיט אָפֿענע אויגען, אַ קליינער ליכטיגער פּונקט, וואו עס עפֿענט זיך אויף דער וועג צו מיטלייד!...

זשערמען. מיטלייד!... אָבער טאַקי דערפֿאַר וואָס מיין האַרץ איז פֿול מיט מיטלייד איז עס אויך פֿול מיט האַס... (לוסיען בעפֿרייט זיך גאַנץ לאַנגזאַם פֿון זשערמען'ן. זי ציהט איהם ווידער צו צו זיך.) נאַ... נאַ... זיי ניט קיין שלעכטער... (פּויזע. מיט

אָנשטריינגונג.) כ'האָב דיר נאָך ניט אַרויסגעזאָגט אַלעס, וואָס ליגט מיר אויף'ן האַרצן... כ'האָב אַלץ געשאַנעוועט מיינע עלטערן און זיך אַליין... און ס'איז געווען אַ פֿעהלער פֿון מיין זייט... וואָרים די, וואָס ליעבען זיך, דאַרפֿען זיך טהיילען מיט אַלצדינג... מיט זייערע פֿריידען, זייערע ליידען און זייער שאַנדע... דו קענסט בלויז אַ טהייל פֿון מיין לעבען, אָבער דו קענסט ניט מיין גאַנץ לעבען, מיין אינערליך און געהיים לעבען... נאַ, זאָלסט עס קע־נען... ס'איז ווערטה די מיה, שווער איך דיר!... מיין מוטער?... גאָרנישט אָדער קנאַפּ וואָס... זי איז זאָגאַר ניט קיין שלעכטע... און זי מיינט, אַז זי האָט מיך ליעב, נאָר דאָס האַרץ איהרס איז ביסלאַכווייז פֿערהאַרטעוועט געוואָרען, דורך דער געוואוינהייט און דעם ביישפּיעל... דאָס ביסעלע געוויסען, וואָס זי האָט געהאַט, איז פֿערשוואונדען, דערטרונקען געוואָרען אין'ם רייכטהום, מיט וועלכען זי ווייסט אייגענטליך ניט וואָס צו טהאָן; און זי מישט אויס מיט דעם, וואָס זי רופֿט איהר צערטליכקייט צו מיר, אַזעלכע פּראָסטע און מיאוס'ע אויסריידען, וואָס זיינען אַזוי וויט פֿון ליעבע, אַז איך האָב זי קיינמאָל... וויפֿיעל איך האָב זיך ניט געסטאַ־רעט... פֿאָרט ניט געקענט בעטראַכטען פֿאַר אַ מוטער... פֿאַר מיין מוטער...

ל ו ס י ע ן. דו האָסט צופֿיעל געפֿאָדערט פֿון איהר.

ז ש ע ר מ ע ן (אַביסעל פֿיבערדיג). פֿאַרוואָס זאָלסט דו זיך אַזוי רייצען מיט מיר?... נאָך וואָס מיך אַזוי אויפֿרעגען?... כ'האָב פֿון איהר קיין זאַך ניט געפֿאָדערט... בלויז אַ שמייכעל פֿון צייט צו צייט, אַביסעל צוטרוי, אַביסעלע גוטסקייט... נו יאָ... גוטס־קייט! איז דאָס ווירקליך צופֿיעל געפֿאָדערט?... אָבער דו קענסט זי דאָך ניט... זי האָט געקענט ווי עס איז פֿערשטעלען די שאַנדע פֿון דעם דאָזיגען הויז... דורך קליינע פֿריינדליכע שטרי־כען... ניט האָבענדיג זאָגאַר די נאַטירליכע גוט־הערציגקייט אַלס פֿרוי — דו זעהסט שוין, אַז איך פֿאָדער ניט צופֿיעל — וואָלט זי דאָך געקענט מילדערן דאָס שלעכטס, וואָס מיין פֿאָטער פֿערשפּרייט איבעראַל, אַרום זיך... אָבער ניין... קיינמאָל ניט...

זי פֿיהלט ניט גאַנץ דייטליך... נאָר זי פֿיהלט דאָך וואָס פֿאַר צרות עס שטעקען אין אַלע זיינע מאַכינאַציעס... וואָס פֿאַר אַ ווילדקייט און שווידערליכקייט עס ליגט אין זיינע גיעריגע פֿלעד־נער... און נאָכדעם ווי זי בעקלאָגט זיך אַמאָל אויף איהם און רעגט זיך אַביסעל אויף ווענען זיינע געננ... פֿערטהיידיגט זי זיי אַליין, און אַז עס איז נייטיג, מאַכט זי מיט איהם איין האַנד... (מיט אַ ביטערן טאָן.) דאָס וואָס איך האָב צו איהר, איז ניט פֿאַר־וואָס זי ליעבט מיך ניט... ס'איז דערפֿאַר וואָס איך האָב זי ניט געקענט ליעבען, ווי איך וואָלט געוואָלט ליעב האָבען מיין מוטער...

לוסיען. זעהסט דו, מיין טהייערע זשערמען, גראָד דאָס, וואָס דו דערצעהלסט מיר, מאַכט זי ביי מיר אין די אויגען נאָך בעדויערענסווערטהער... די מענשען קענען אָפֿטמאָל אַסך גיכער אַרויסרופֿען מיטלייד מיט זייערע שוואַכקייטען, מיט זייערע לעכער־ליכקייטען, איידער מיט זייערע טוגענדען... דיין מוטער, אויב איך קען זי נור, איז אַן אָרעמע קליינע נשמה'לע... אונענטשלאָסען און פֿינסטער... וואָס געפֿינט זיך אין גלות אין רעכטען מיטען פֿון דעם דאָזיגען רייכטהום... זי ווייסט ניט וואָס צו טהאָן... און זי טהוט וואָס זי קען...

זשערמען (ציטערענדיג פֿאַר אויפרעגונג). און מיין פֿאָטער... ער טהוט אויך וואָס ער קען?... רויבערייען... בערזען־קראַכען... געלד־צאַפּעריי... שווינדלערייען, וועלכע ער פֿערציערט מיט'ן נאָמען געשעפֿטען... און איינפֿאַכע מאָרדען... אָט דאָס איז זיין געשיכטע!

לוסיען. דו זעהסט רק דאָס שלעכטע און קיינמאָל ניט דאָס גוטע, וואָס איז תמיד דאָ לעבען דעם שלעכטען... אָבער ניט קוקענדיג דערויף וואָס דיין פֿאָטער איז... וואָס פֿאַר אַ שרעקליכער מענש דיין פֿאָטער איז... האָט ער פֿאָרט אויפֿגעטהאָן גרויסע זאַכען...

זשערמען. און וואָס געהט עס מיך אָן, אַז ער האָט גאָר נישט געטהאָן פֿאַר מיר... גרויסע זאַכען... אה! לאָז מיך אַקאָרשט

ענדיגען... איך מוז היינט אויסגיסען מיין גאַנץ ביטער האַרץ פֿאַר דיר... אַז איך וועל זיין פֿאַרטיג דערמיט, ווערסט דו אפשר פֿער־שטעהן — און דו ווערסט דערנאָך ריידען... צווישען אָט די צוויי ברואים האָב איך דאָס געלעבט, האָב איך זיך דאָס אויפֿגעצויגען... אַן איינזאַמע, אַ פֿערלאָזענע, אַ פֿרעמדע... ערגער ווי אַ הויז־טהיער... אונזער וואוינונג אין פאַריז... אונזער פּאַלאַץ דאָ... דו זעהסט זיי דאָך, ווי? און דו זעהסט מיך דאָ?... אַ גיהנום, וואו איך האָב נאָך קיין איין מאָל ניט בעגעגענט קיין רוהיגע אויגען און קיין גליקליכע פנים'ער... וואו איך האָב נאָך קיין איין מאָל ניט געהערט די מוזיק פֿון איין גוטען און פֿריינדליכען וואָרט... די שטענדיגע יאָגעניש... די אייביגע צוקאָכטקייט... דאָס אונגליק... דער ציינישער געלעכטער, די פֿערגעטערונג פֿון'ם פֿערברעכען!... מענשען האַלטען אין איין קומען... דערנאָך געהען זיי אַוועק און מען זעהט זיי מעהר אין די אויגען ניט... פונקט ווי די צוויי דומקעפּ, וואָס זיינען געקומען אַהער, כ'ווייס ניט פֿון וואַנען, און וועלכע וועלען היינט אָבענד אָבפֿאָהרען, רואינירט אין זייער פֿערמעגען, אויב זיי פֿערמאָגען וואָס עס איז, און אין זייער עהרע, אויב ס'איז זיי נאָך געבליבען עפּעס דערפֿון. (פּויזע. — מיט אַ שמערצליכערער שטימע.) פֿיגורען פֿון מיט־פֿערברעכער, צוויי־טענוויין... נאָר דאָס רוב פֿיגורען פֿון אָפּפֿער... און אָרעמע אונבעקאַנטע פֿיגורען, נאָך שמערצליכער איידער די, וועלכע איך האָב געזעהן מיט מיינע אויגען... געוויין און דערשלאָגענקייט... דורך מיין פֿאָטער'ס געשיכטען... וואָרים ביינאַכט, זיצענדיג ביים טיש, פֿאַר די פֿרעמדע און פֿאַר אונז... פֿלעגט ער אונז דער־צעהלען זיינע טהייערע שטיק, מיט אַ פֿינסטערער ווילדער פֿרייד... מיט אַ געלעכטער פֿון אַן אמת'ן מערדער... פֿלעגט ער אונז דערצעהלען, ווי אַזוי ער האָט בעשווינדעלט דעם און דעם, בע'גנב'עט יענעם און יענעם, געשענדעט אַ דריטען... דו וואַרפֿסט מיר אויף אַז איך האָב קיין רחמנות ניט?... אַה! לוסיען... כ'האָב דאָך אָבגעפֿינסטערט אָט די אַלע פֿערשאָלטענע יאָהרען מיינע אין הוילע רחמנות... כ'האָב ניט געקענט פֿערבייגעהן אין

גאַס, בעגעגענענדיג אַ פֿרוי מיט איהרע קינדער אָנגעטהאָן אין טרויער, איך זאָל זיך ניט זאָגען: „ווער ווייסט? ס'איז אפשר אונזער שולד!" כ'האָב ניט געקענט זעהן ווי אימיצער וויינט, איך זאָל זיך ניט זאָגען: „ווער ווייסט? ער וויינט אפשר צוליעב אונז!"

לוסיען (מיט אַ טיעפֿער צערטליכקייט). פֿאַרוואָס האָסט דו ליעב זיך אַליין אַזוי צו מאַרטערן?...

זשערמען. איך קריג בעצאָהלט דערפֿאַר... אונגליקליכער-ווייזע... האָסט געהערט ריידען וועגען דעם באַנקיר גאַבריעל דאָפֿען?

לוסיען. יאָ.

זשערמען. און ווייסט דו, ווי אַזוי ער איז געשטאָרבען?

לוסיען. כ'ווייס, אַז ער האָט זיך אַליין געמאַכט דעם טויט...

זשערמען. ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען צוליעב אונז... (לוסיען גיט אַ מאַך מיט דער האַנד.) יאָ, צוליעב אונז... כ'וואָלט זיך ניט אונטערגענומען דיר איבערגעבען אַלע איינצעל־הייטען פֿון דעם דאָזיגען דראַמאַ... איך קען ניט די געשעפֿטען, איך... נאָר אָט וואָס איך האָב פֿערשטאַנען, וואָס איך האָב געקענט אַרויסנעהמען, איבער וואָס מען האָט זיך געשושקעט איבעראַל, אין פּאַריז... די צייטונגען?... מיין פֿאָטער איז געווען זייער מיט־ברודער... ניט אַזוי?... און דאַן, האָט ער זיי אַודאי אונטערגעקויפֿט, זיי זאָלען שווייגען...

(זשערמען'ס שטימע ציטערט. דער אויסדרוק פֿון איהר געזיכט ווערט וואָס ווייטער אַלץ שמערצליכער.)

לוסיען. אָט די אַלע עראינערונגען רעגען דיך צופֿיעל אויף, מיין טהייערע זשערמען... דיינע הענד ברענען ווי פֿייער... כ'פֿיהל אַ שלוכצען אין דיין שטימע... איך בעט דיך!...

זשערמען. ניין, ניין... אַדרבה, דאָס טהוט מיר גוט... דאָס מאַכט מיר אַסך לייכטער... ס'איז אַזוי ווי אַ ווייטאָג וואָס דערשטיקט מיך און וואָס איך רייס אַרויס פֿון האַרצען... (הויבט ווידער אָן דערצעהלען.) דאָפֿען האָט געהאַלטען שמאָל... ניט

וויסענדיג וואָס צו טהאָן, אַזוי ווי איינער וואָס כאַפּט זיך אָן אָן דעם שאַרף פֿון אַ שווערד, איז ער געקומען צו מיין פֿאָטער, האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהם ראַטעווען... וואָס פֿאַר אַ מסחר איז געמאַכט געוואָרען צווישען די צוויי מענער? כ'הויב ניט אָן וויסען. וואָס פֿאַר אַ סוד איז געווען צווישען זיי? דאָס ווייס איך אויך ניט... אַלץ וואָס איך ווייס איז, אַז פֿאַר אַ נעכטיגען טאָג... פֿאַר עפּעס אַ צוואָג... פֿאַר גאָרנישט, פֿילייכט... האָט דאָפּען אָבגעגעבען מיין פֿאָטער אין משכון... אין משכון, פֿערשטעהסט?... אַלע אַקציעס פֿון זיין באַנק, וואָס זיינען איהם נאָך איבערגעבליי־בען... אין עטליכע טעג אַרום זיינען אָט דיזעלבע אַקציעס מיט איין קלאַפּ פֿערקויפֿט געוואָרען אויף דער בערזע... דאָס איז געווען אַ פּאַניק. די פּאַפּירען זיינען געפֿאַלען און מיט זיי דאָפּען'ס באַנק... אַ פֿערצווייפֿעלטער, אַ וואַהנזיניגער, דאָס געזיכט ברוין און בלוי, איז ער געקומען צו לויפֿען צו מיין פֿאָטער... ער האָט געבעטען... געסטראַשעט... געפֿאַלען צו די פֿיס. „ס'איז אַ פֿער־ברעכען. — ס'איז מיין רעכט. — איהר הרג'עט מיך אַוועק. — איך בעוואָרען זיך. — אָבער איך האָב דאָך אַ פֿרוי... קינדער.— איך אויך. — אָבער איהר טרייבט מיך צו זעלבסטמאָרד... — מיין דאגה!" און קומענדיג צוריק אַהיים, האָט זיך דאָפּען אַריינ־געשאָסען אַ קויל אין מוח... געשעפֿט איז געשעפֿט...

לוסיען. ס'איז שוידערליך!... אָבער דאָפּען איז דאָך אַליין אויך געווען אַ שווינדלער...

זשערמען. ס'איז אַלזאָ געווען אַ שוואַכער... אַן אונגליק־ליכער... אַ בעזיעגטער... אַה! לוסיען!

לוסיען. ס'איז אפשר גאָר אַ לעגענדע!

זשערמען. אַה! שוויג שטיל!... ס'איז דער ריינער אמת... כ'האָב זיך געזעהן מיט מאַדאַם דאָפּען... זי האָט מיר אַלעס דערצעהלט... כ'בין איהר געפֿאַלען צו די פֿיס און מיר האָבען געוויינט אינאיינעם... און אַנדערע... און הונדערט אַנ־דערע... און טויזענד אַנדערע!... מיינסט דו נאָך איצט אויך, אַז איך האָב ניט קיין רעכט צו אורטהיילען מיין פֿאָטער?... (לוסיען

שווייגט.) פֿערשטעהסט דו כאָטש אַצונד, אַז איך וויל פֿערלאָזען אַ הויז, וואו יעדער שטיין, וואו יעדעס שטיקעל ערד איז דורכגע־זאַפּט מיט וועמעס עס איז טרעהרען?... (לוסיען שווייגט.) איך האָב דיר אויך געזאָגט, אַז מיינע עלטערן האָבען זיך קיינמאָל ניט געקימערט פֿאַר מיר... ס'איז אַ טעות געווען... און דו וועסט זעהן, אויף וואָס פֿאַר אַ טרייען, איבערגעבענעם אופן... מיין פֿאָטער האָט געהאַט די מאַניע מיך צו וועלען חתונה מאַכען... דאָס הייסט, ציהען פֿון מיר אַ גוטען פּרייז אָדער מאַכען אַ בעסער געשעפֿטעל... אין אַ גרויסען מסחר, וואו ס'איז געווען צו פֿער־דיענען אַסך געלד, בין איך, הייסט עס, געוואָרען די צוציהונג, די אורזאַך, וואָס האָט געזאָלט פֿיהרען דערצו, אַז דאָס געשעפֿט זאָל געשלאָסען ווערן ווי ער האָט געוואָלט... כ'האָב ניט עקזיסטירט פֿאַר איהם ווי אַ מענשליך וועזען... כ'בין בלויז געווען אַ ווערטה־זאַך, וואָס מען בייט אויס פֿאַר געלד... און נאָך ווייניגער ווי דאָס... אָפֿטמאָל פֿלעגט ער מיך אַוועקשיינקען ווי אַ צוגאָב צום מסחר... אָקוראַט ווי אַ קצב לייגט צו זיין גוטען קונה עטליכע גראַם פֿלייש מעהר צום פֿונט, וואָס ער האָט נאָר וואָס אָבגע־וואויגען... ווער זאָגט עס דיר, אַז טאַקי איצט, אין דער מינוט, האַלט ער ניט דאָרט אין פֿערשאַכערן מיך צו אָט דעם גרוג אָדער צו אָט דעם פֿינק?... נו יאָ!... ס'איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט!...

לוסיען. דער האַס פֿערפֿיהרט דיך, מיין טהייערע... פֿאַרוואָס זאָלסט דו גראָד פֿאַראיבעל האָבען אויף דיין פֿאָטער אַליין וואָס ער קוקט אויף דער הייראַטה ווי די גאַנצע וועלט טהוט?... ווייבאַלד מען מאַכט פֿון דער הייליגער פֿעראייניגונג פֿון צוויי געליעבטע אַ גאַנצע צערעמאָניע מיט אַ געזעצליכען קאָנ־טראַקט, וואָס זשע פֿאַר אַ בעטרעף האָט אַביסעל מעהר אָדער אַביסעל ווייניגער ברוטאַליטעט... אַביסעל מעהר אָדער אַביסעל ווייניגער אונפֿערשעהמטהייט אין דעם מסחר?... ס'איז דאָך די הייראַטה... דו האָסט דאָך עס נאָר וואָס אַליין געזאָגט... אָבער וואָס געהט עס אונז אָן, אונז, וועמעס ליעבע איז ריין און פֿריי?...

פֿערגעס אַט די גאַנצע פֿערגאַנגענהייט, זשערמען... איך בעט דיך...

זשערמען. איך וועל זי פֿערגעסען, אויב דו קענסט, אויב דו ווילסט זי מיר מאַכען פֿערגעסען... און אַט וואָס איך האָב דיר נאָך געוואָלט זאָגען... כ'וואָלט געקענט זיך צוגעוואוינען צו דעם דאָזיגען לעבען, אָנשטאָט צו רעוואָלטירען געגען דעם... סוף כל סוף מוז מען מיעד ווערן, קעמפּפֿענדיג אַליין... אָהן אַ שום ערמוטהיגונג, אָהן אַ שום הילף, אָהן אַ שום פֿריינדשאַפֿט... דער ביישפּיעל, די געוואוינהייט, די מאָראַלע איינזאַמקייט... דאָס אַלעס בעזיעגט גאַנץ גיך די שטאָלצעסטע געפֿיהלען... און איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין יונג מיידעל, איך... אין דעם דאָזיגען אָרט פֿון שאַנד און פֿון פֿערברעכען, וואָלט איך געקענט זינקען פֿון איין אָבגרונד צום אַנדערן און אונבעוואוסטערהייט קומען צו יענער מדרגה, וואו קסאַוויע איז גלייך אין אָנפֿאַנג געקומען... ווי אַזוי און פֿאַרוואָס בין איך אָבגעהיט געוואָרען פֿון דער אָנ־שטעקונג?... דעם אמת זאָגענדיג, כ'ווייס עס אַליין ניט אויף ריכטיג... כ'מיין, ס'איז תחילת געשעהן אַ דאַנק מיין אויפֿגע־בראַכטקייט... און שפּעטער — אַ דאַנק דער ליעבע... און דאָך... וואָס פֿאַר קעמפּפֿע האָב איך דאָס געמוזט פֿיהרען מיט זיך אַליין!... אַה, לוסיען!... ווען איך וואָלט דיר דערצעהלט, אַז וויפֿיעל מאָל... אויס עקעל... געטריבען פֿון'ם געפֿיהל פֿון ראַכע... פֿון אַ ווילדען וואונש צו ערנידעריגען מיינע עלטערן... האָב איך געהאַלטען דערביי זיך איבערצוגעבען צו איינעם פֿון די משרתים אָדער פֿון די שטאַל־לייט!...

(איהר שטימע ענדערט זיך, איהר קעהל ווערט פֿערדריקט.)

לוסיען. זשערמען! (ער כאַפּט איהר אָן מיט ליידענשאַפֿט ביי די הענד.) זשערמען! שווייג... זאָג עס ניט... זאָג עס קיינמאָל ניט... ס'איז ניט אמת!

זשערמען. פֿון אַלע מענשליכע ווענקנס, וואָס פֿלעגען אַריינקומען צו אונז אין הויז, זיינען אַט די ווינקענדע און ציניש געזיכטער אסור געווען די ערגסטע... (זי וויינט.)

לוסיען. זשערמען... זשערמען... הער אויף, איך בעט דיך!... דיין צוטרוי, דיין גערעכטיגקייטס־געפיהל, די איידעלקייט דיינע, אָט דער גאַנצער אידעאַל פון אַבסאָלוטער ריינקייט, אָט דער פעסטער וואונש פון אַ פרייען און גערעכטען לעבען... און דערצו נאָך דיינע יסורים! אָבער טאַקי מחמת דעם אַלעם האָב איך דאָך דיך אַזוי ליעב, נאָך מעהר ווי צוליעב דיין שעהנ־קייט!... און טאַקי צוליעב דעם, צוליעב דעם אַלעם האָב איך דאָס נאָר וואָס אַזוי געציטערט... נו, יאָ... מיר וועלען אַוועק־געהן פון דאַנען... מיר וועלען אַוועקגעהן ווען דו וועסט וועלען... מיר וועלען אַוועקגעהן היינט... אויב דו ווילסט!...

זשערמען. יאָ, יאָ... אָבער ניט ווי גנבים, וועלכע בער־האַלטען זיך... מיר וועלען אַוועקגעהן מיט אַ רוהיג האַרץ, שטאָלץ און אָפען... פאַר דער גאַנצער וועלט...

לוסיען. יאָ...

זשערמען. און לאָז עס איבער צו מיר, מיין טהייערער לוסיען... נאָך אַלעמען בעגרייף איך דיינע שוועריגקייטען, דיין לאַגע... איך אָבער האָב ניט וואָס עס זאָל מיך שטערען... געה אַריין צוריק אין פאַוויליאָן, מיין טהייערער. דיינע רעכנונגען מוזען זיין קלאָהר... דיינע ביכער אין דער בעסטער אָרדנונג. איך וויל ניט, אַז מיין פאָטער זאָל האָבען וואָס צו ריידען אין דעם פּרט... און נעהם מיך אַרום... נעהם מיך פעסט אַרום אין דיינע אָרעמס. (זיי אומאַרמען זיך.) נישקשה, דו וועסט קיין חרטה ניט האָבען... אַז מיר וועלען זיין איינע אַליין, וויט פון דאַנען, וועסט דו זעהן, ווי איך וועל ווערן פרעהלאַך... ווי איך וועל קיינמאָל, קיינמאָל מעהר ניט האָבען אָט די שלעכטע אומעטיגע אויגען, וואָס דו וואַרפסט מיר אויף... און ווי דו וועסט מיך ליעבען... און ווי איך וועל דיך ליעבען... דו וועסט זעהן, ווי גליקליך מיר וועלען זיין!...

לוסיען. יאָ, מיר וועלען זיין גליקליך, אויב דו ווילסט ניט, אַז אונזער גליק זאָל זיין צופיעל איבער׳ן לעבען... צופיעל איבער אונזערע כוחות...

זשערמען. שלעכטער... (פויזע.) אונזער גליק... וויפיעל מיה ס'האָט דאָס אַביסעל געדאַרפט קאָסטען, אום עס ענדליך צו ערלאַבערן פאַר דיר!... (נאָך אַ פויזע.) האָסט עפּעס געלד?...

לוסיען (צומישט). כ'האָב... גענוג... איצט... אין פאַריז... וועל איך קריגען נאָך... כ'וועל שאַפען נאָך...

זשערמען. געה!... געה!... מיין אָרימער יונג! און געה ניט אַוועק ווייט פון שלאָס!...

(לוסיען געהט אַרויס. זשערמען קוקט איהם נאָך מיט אַ נייער פרייד.)

## זעקסטע סצענע.

זשערמען, דאַן אַ משרת דאַן די דיענסט זשוליע.

(אַזוי גיך ווי לוסיען געהט אַרויס, קלינגט זשערמען אָן. — אַ משרת קומט אַריין.)

זשערמען. ווילט איהר זאָגען זשוליע'ן, זי זאָל גלייך אַריינ־קומען אַהער?

(דער משרת געהט אַרויס. — זשערמען געהט אַרום איבער'ן סאַלאָן. זי נעהמט אַראָב פון אַ וואַזע אַ בלום, וועלבע זי שמעקט, אין דאַן קוקט זי אַרויס פון פענסטער. — ס'קומט אַריין זשוליע.)

זשערמען. זשוליע, איהר וועט מיר צונויפּפּאַקען אַ גרויס רענצעל מיט מיינע וועש... מיינע קליידער... מיינע אַלע נייטיגע זאַכען...

זשוליע. גוט, מאַדמואַזעל.

זשערמען (נאָכדעם ווי זי האָט זיך פערטראַכט אַ ווײלע און מיט אַן ענטשלאָסענעם טאָן). מיינע ציערונג אויך... אַלע מיינע ציערונג!...

זשוליע. גוט, מאַדמואַזעל... (פויזע.) וואָס זשע, מאַדמואַ־זעל מאַכט ערגעץ אַ רייזע?

זשערמען. איך ווייס ניט...

זשוליע. אַלזאָ... מאַדמואַזעל געהט אין גאַנצען אַוועק?...

זשערמען. פֿאַרוואָס פֿרעגט איהר מיר דאָס, זשוליע?...

זשוליע. אָה! וויל...

זשערמען. קיין איין וואָרט... צו קיינעם ניט...

זשוליע. און איך... מאַדמואַזעל?...

זשערמען (קוקט אָן זשוליע'ן אַ רגע). געהט... קינד איינע!...

(זשוליע געהט אַרויס.)

## זיבעטע סצענע.

זשערמען, דאַן איזידאָר לעשאַ, פֿינק, גרוג.

(אין דער רגע, ווען זשערמען וויל אַרויסגעהן פֿון סאַלאָן קומען אַריין איזידאָר, פֿינק און גרוג.)

איזידאָר. קוק אָן... דאָס ביסט דו גאָר, זשערמען?... דו ביסט, הייסט עס, ניט געגאַנגען אין קירכע?

זשערמען. ניין... איך בין דאָ געווען מיט דעם העררן גאַראָ...

איזידאָר. מיט גאַראָ'ן?

זשערמען. יאָ...

איזידאָר (קוקט זיך אום אין אַלע זייטען). און וואו איז ער ערגעץ, אָט דער גוטער גאַראָ?

זשערמען. ער איז אַריין צו זיך...

איזידאָר. וואָס זשע, ער האָט זיך געוואָלט זעהן מיט מיר?

זשערמען. אָה ניין...

איזידאָר. וואָס זשע דען האָט ער דאָ געטהאָן? (פּויזע.)

זשערמען (קוקט אָן איהר פֿאָטער מיט שטאָלץ). דו וועסט שוין זעהן!...

(זי געהט אַרויס שנעל.)

# אכטע סצענע.

דיזעלבע, אויסער זשערמען, דאַן אַ משרת.

איזידאָר (קוקט אַ היבשע ווײַלע נאָך זשערמען׳ן, ווי זי געהט אַוועק). עפּעס ניט גאַנץ גלאַט... (גיט זיך אַ פּאַטש אין שטערן.) נאָר אַ שעהן מיידעל, הע?... אַ פֿיינער שידוך!... (צו פינק׳ן.) ביסט פֿערהייראַטה, דו?

פינק. ליידער!

איזידאָר (צו גרוג׳ן). און דו?...

גרוג. איך אויך...

איזידאָר. נאַ, קינדער... ס׳אַ שאָד... אַ שאָד פֿאַר אייך... נו, נו... צו דער אַרבייט...

(ס׳קומט אַריין אַ משרת.)

דער משרת. מען רופֿט דעם הערר צום טעלעפֿאָן.

איזידאָר. ווער רופֿט?...

דער משרת. פֿון דעם „פּעטי טריקאָלאָר“, מיין הערר...

איזידאָר. אַהאַ!... גאַנץ ריכטיג... (צו גרוג׳ן און פינק׳ן.) איין רגע... (צום משרת.) דו... ברייננ דעם פּאָרט-וויין...

דער משרת. וואָס פֿאַר אַ פּאָרט-וויין?... (אַ קוק טהאָנדיג אויף גרוג׳ן און פינק׳ן.) דעם געשעפֿטס-פּאָרט-וויין?

איזידאָר. דעם פּאָרט-וויין... עזעלקאָפּ... און די ציגאַרען...

דער משרת. דער הערר ווייסט, אַז איך האָב ניט דעם שליסעל צו דער שאַפֿע פֿון די ציגאַרען... די מאַדאַם...

איזידאָר (טהוט אַ שטויס דעם משרת). די מאַדאַם... די מאַדאַם... ווער בעט דען עפּעס ביי דיר, דו דומקאָפּ איינער...

און אַלע ציגאַרען, וואָס דו לאַטכענסט אַראָב פֿון מיר, דו קאַ־
נאַליע!... נאַ... מאַך שנעל...

(ער גיט איהם אַ שטופּ. — דער משרת געהט אַרויס. — איזידאָר
געהט אַריין צו זיך אין קאַבינעט דורך דער טהיר לינקס.)

## ניינטע סצענע.

### פֿינק, גרוג.

(זיי געהען אַרום איבער׳ן סאַלאָן, שטאַרק אויפֿגערעגט.)

פֿינק (זעהר נערוועז). איך פֿיהל זיך עפּעס גאָרניט פֿויגעל־
דיג, היינט אין דער פֿריה... כ׳פֿיהל זיך גאָרנישט מיט אַלעמען...
און דאַן... וואָס זאָל איך אייך זאָגען?... איך האָב גאָר קיין
צוטרוי ניט...

גרוג. כ׳פֿערשטעה אייך גאָר ניט... איך זאָג אייך זיכער...
דאָס איז אַן אידיאָט...

פֿינק (ווייזט אויף דער טהיר). רעדט ניט אַזוי הויך... אַז עס
וואָלט געווען אַן אידיאָט, וואָלט ער ניט געמאַכט אַזויפֿיעל געלד...

גרוג. איז אַזוי אַ פֿראַזען־דרעשער... איהר האָט שוין
פֿערגעסען... די צוקער־שטעקלאַך?

פֿינק. דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש... געדיינקט איהר־
אָבער, מיט וואָס פֿאַר אַן אויסערגעוועהנליכער דייטליכקייט, מיט
וואָס פֿאַר אַ שעהנער שפּראַך זאָגאַר... ער האָט אונז דערצעהלט
די געשיכטע פֿון די אייזענבאַהנען פֿון מיטעל־פֿראַנקרייך?... וואָס
פֿאַר אַ גרויסאַרטיג שטיקעל אַרבייט!

גרוג. דאָס איז גראָד אַ צופֿאַל געווען!

פֿינק. וואָס פֿאַר אַן איינגעשפּאַרטער מענש איהר זייט!... איך
זאָג אייך, אַז אָט דער מאַן האָט אַ מערקווירדיגען זינן פֿאַר די
געשעפֿטען און קען אויסגעצייכענט גוט זיין צייט... מיר מוזען

זיין פֿאָרזיכטיג און נאָך אַמאָל זיך מישב זיין ווי אַזוי צו ריידען מיט איהם...

גרוג (מיט אַ טאָן פֿון לאַנגווייליגקייט). דאָס וועט, הייסט עס, זיין דאָס זיבעטע מאָל.

פֿינק. ווי בלייבט דאָס, זאָלען מיר איהם אויסזאָגען די געשיכטע מיט דעם בוי־פּלאַן ?... ס'איז פּילייכט געפֿעהרליך. ער וועט אונז האַלטען פֿאַר... זשוליקעס.

גרוג. ניין, פֿאַר כיטראַקעס... מען דאַרף זיך סטאַרען איהם איבערצייגען אין דעם, ער מוז וויסען אויף וואָס מיר זיינען פֿעהיג...

פֿינק. גוט!... ס'איז טאַקי אפשר בעסער אַזוי... און מכח דעם ראַבאַט ביים אויפֿקויפֿען די בוי־מאַטעריאַלען ?

גרוג. ווי קומט ער פֿאַלען דערויף ?

פֿינק. אָבער טאָמער פֿאַלט ער יאָ ?

גרוג. וועל איך גאָר פשוט לייקענען, אַז עס איז ניטאָ קיין ראַבאַט...

פֿינק. איהר וועט לייקענען ?... איהר וועט לייקענען ?... אַה! רעדט זיך נאָר ניט איין... און זאָל זיך אייך נאָר ניט פֿער־גלוסטען האַלטען אַ גאַנצע דרשה וועגען אַוועקשטעלען דעם וואַסער־פֿאַל אין דער אומגעגענד פֿון די מיליטערישע לאַגערן און מכח די שוויריגקייטען, וועלכע זיינען פֿערבונדען דערמיט... נאָך איינע פֿון אייערע משוגעת'ן...

גרוג. פֿערלאָזט זיך אויף מיר... מען וואָלט, כ'לעבען, געקענט מיינען, אַז דאָס זייט איהר דאָס דער, וואָס האָט ערפֿונען די גאַנצע קאָמבינאַציע...

פֿינק. ס'איז דער שוואַכער פּונקט... ער וועט גלייך אַרויס־זעהן אונזער אונמעכטיגקייט...

גרוג. נו... וועלען מיר דיסקוטירען מיט איהם...

פֿינק. אָט דערפֿאַר טאַקי האָב איך דאָך מורא... איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, אַז אָט דער מאַן איז דער טייוועל אַליין... און מכח דעם אַלומיניום ?

גרוג. דאָס קענען מיר ניט בעהאַלטען פֿון איהם, מחמת ס׳איז איינס פֿון די בעסטע עלעמענטען אין׳ם געשעפֿט... דאָס מוז איהם צוציהען...

פֿינק (קראַצט זיך דעם קאָפּ). נו, אַודאי...

גרוג. און צוריק גערעדט... מוז מען דאָך איהם איבער־לאָזען וואָס עס איז...

פֿינק (ענערגיש). אַזוי וויניג ווי נור מעגליך...

גרוג. פֿערשטעהט זיך... ווידער מוז מען...

פֿינק. יעדענפֿאַלס... מיין פּאַטענט... ס׳בלייבט נאָך מיין פּאַטענט...

גרוג (קאָמיש און ציהענדיג מיט די אַקסלען). אייער פּאַ־טענט?... אַה!...

פֿינק. יאָ, מיין פּאַטענט... איהר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל איהם ניט אַוועקגעבען בחנם...

גרוג. נו, פֿערשטעהט זיך!

פֿינק. וועגען דעם, אַז מיר מוזען קריגען געהאַלט... זאָלט איהר בשום אופן ניט נאָכלאָזען...

גרוג (פֿערמאַטערט). נו, געוויס, געוויס!...

פֿינק. איהר זאָגט: „נו, געוויס, געוויס!" און ביי דער לעצטער רגע, לאָזט איהר כסדר נאָך... איבערהויפּט, גיט אַקאָרשט ניט אַרויס דעם נאָמען און דעם אַדרעס... לאָמיר זיי האַלטען ביז׳ן קאָנטראַקט... ווען לעשאַ וועט זיך שוין ניט קענען אַרויס־פּלאָנטערן.

גרוג. יאָ!... יאָ!... (פּויזע.) און איהר, כאַפּט איהר זיך אַקאָרשט ניט כסדר ריידען... ס׳איז אַן אומגליק מיט אייך, אַז איהר רעדט... מען פֿערשטעהט קיינמאָל ניט וואָס איהר ווילט זאָגען... איהר פֿערדרעהט די איינפֿאַכסטע און די קלאָהרסטע זאַכען...

פֿינק. הערסט... אָט דאָס דאַרף מען דאָך...

גרוג. ניט תמיד...

פ י נ ק. בין איך, הייסט עס, אַ דומקאָפּ?...

ג ר ו ג. שווייגט שטיל... ער קומט.

(זיי נעהמען ווידער אָן אַ רוהיגע מיענע און בעטראַכטען כלומר׳שט מיט טיעפען אינטערעס איזידאָר׳ס פּאָרטרעט. — ס׳קומט אַריין איזידאָר, פרעה־ליך, זיך רייבענדיג די הענד.)

## צעהנטע סצענע.

### א י ז י ד א ָ ר, ג ר ו ג, פ י נ ק, דאַן אַ מ ש ר ת.

א י ז י ד א ָ ר (זעהנדיג זיי, ווי זיי שטעהען און קוקען אויף זיין פּאָר־טרעט). דעם בעריהמטען מאַלער באָנאַ׳ס אַ שטיקעל אַרבייט, קינדער... אָקוראַט ווי די פּרעזידענטען פון דער רעפּובליק... וואַרט אויס... איין רגע!... (ער דרעהט אויף די צוויי עלעקטרישע רעפלעקטאָרען, זיך אָברוקענדיג, אום צו זעהן דעם עפעקט.) אָט... פון דאַנען!... ווי געפעלט עס אייך?

פ י נ ק. ערהאַבען... געוואַלדיג!

ג ר ו ג. און וואָס פאַר אַן עהנליכקייט!

א י ז י ד א ָ ר (אַ קלאַפּ טהאָנדיג גרוג׳ן אין פּלייצע). פינף און דרייסיג טויזענד, מיין פריינד!... ס׳איז אַ טשאַטשקע, הע?... נו... און דער פּאָרט־ווייז?... (אין דערזעלבער רגע קומט אַריין אַ משרת מיט אַ טאַץ אין דער האַנד.) אַה! דו האָסט זיך גאָר נישקשה׳־דיג געזאַמט... (אָנקוקענדיג די פלאַש.) ס׳איז גוט... דער פּאָרט־ווייז?... (דער משרת שטעלט אַוועק די פלאַש אויף אַ טיש.) און מאַך צו די טהיר... איך בין ניטאָ אין דערהיים... פאַר קיינעם ניט... נור פאַר מיין זוהן... אַז ער וועט קומען. (דער משרת געהט אַרויס, צומאַכענדיג די טהיר.) אַה! ענדליך וועלען מיר קענען ריידען רוהיג... (ער גיסט אָן פּאָרט־וויין אין די גלעזער.) פאַר אייער געזונד, קינדער... (זיי טרינקען.)

פ י נ ק (פערזוכענדיג). וואונדערבאַר!...

א י ז י ד אָ ר (טהוט דאָסזעלבע). 1804!... ס'איז אַ טשאַטשקע, הע? (ער שטעלט אַוועק דאָס גלאָז אויף דער טאַץ.) און אַצונד... הער איך אייך אויס!... (גרוג, שטעהענדיג מיט'ן רוקען צום קאַמין, נעהמט אָן די מיענע פון אַ רעדנער.) וואָס זשע, דאָס ביסט דו דאָס דער אָראַטאָר?

ג ר ו ג. אויב איהר ערלויבט?

א י ז י ד אָ ר. נו, הויב אָן!... ניט קיין ליטעראַטור, הע?... און מאַך עס קורץ. (לעשאַ זעצט זיך אַריין אין אַ פאָטעל, דעם קאָפּ אַהינטער, די פיס אין דער הויך. פינק זעצט זיך אַנידער לעבען שרייב-טיש, און אין דער צייט וואָס גרוג רעדט, נעהמט ער אַרויס פון זיין טאַש פּאַפּירען, וועלכע ער לייגט אויס לעבען זיך.)

ג ר ו ג. איהר זייט געוויס באַקאַנט מיט דער גרויסער אינדוסטריעלער בעוועגונג אין אייראָפּאַ, אום צו וויסען, אַז די צוקונפט פון דער אינדוסטריע געהערט אין גאַנצען... דער עלעקטריציטעט... די שווייץ... און דייטשלאַנד...

א י ז י ד אָ ר (זיך ניט ריהרענדיג פון אָרט). ניט נייטיג... ניט נייטיג אַט די אַלגעמיינע בעטראַכטונגען... מיר זיינען ניט אויף אַ בענייאוננגס־צערעמאָניע... און דו רעדסט ניט פאַר קיין ביוס־טען... אין צוויי ווערטער... אויב דו קענסט...

ג ר ו ג. אין צוויי ווערטער אַלזאָ... עס האַנדעלט זיך וועגען דעם צו געבען פראַנקרייך איינע פון די גרויסע מוסטערהאַפטע איינריכטונגען, ווי זיי האָבען עס שוין אין דער שווייץ און אין דייטשלאַנד...

א י ז י ד אָ ר. טאָמער וואָלסט דו געלאָזט צו רוה דייטשלאַנד און די שווייץ?...

ג ר ו ג (רעדט ווייטער). אַסך וויכטיגער נאָך... אַסך קאָלאָסאַ־לער...

א י ז י ד אָ ר. וואָס פאַר אַ פלוידערזאַק!

ג ר ו ג. איך נעהם זיך די פרייהייט צו זאָגען, אַז דאָס

געשעפֿט, וואָס איך האָב די עהרע אייך פֿאָרצולייגען, איז פֿון דאָפּעלטער וויכטיגקייט... ערשטענס, איז עס פּאַטריאָטיש...

איזידאָר. ווי אַלע געשעפֿטען... דאָס איז בעקאַנט...

פֿינק. און דאַן איז דאָס אַ גרויסאַרטיג געשעפֿט...

איזידאָר. דאָס... מוז מען ערשט זעהן!...

גרוג (ער איז שוין אַביסעל צומישט און הויבט שוין אָן זוכען ווערטער). אַזוי ווי איך רייד צו אַזאַ ערפֿאַהרענעם מאַן, דאַרף איך דאָך ניט אויסרעכענען אַלעס וואָס מען קען מאַכען... מיט עלעק-טריציטעט...

איזידאָר. ניין... ניין...

גרוג. איבעריגענס, ס'איז דאָך גאַנץ איינפֿאַך... און דאָס קען אויסגעדריקט ווערן אין איין וואָרט: אַלצדינגג... מען קען אַלעס מאַכען... מעכאַנישע צוגען...

איזידאָר. ניט נייטיג... ניט נייטיג...

גרוג (אַביסעל אַרויס פֿון געדולד). אָבער איהר וועט מיר מן הסתם זאָגען...

איזידאָר. איך זאָג גאָרנישט... אייגענטליך געהט דאָך עס אין אָט וואָס... איהר האָט אַ וואַסער-פֿאַל פֿון צוואַנציג טויזענד פֿערד... דאָס איז דאָך דער עיקר... וואו ליגט עס?

גרוג. לאָזט מיר אַפֿריהער אייך פֿונאַנדערלייגען דאָס געשעפֿט בכלל... מיר וועלען דערנאָך ריידען מכח די איינצעל-הייטען...

איזידאָר. נו... נו... עס זאָל נאָר ניט זיין ערגעץ אויף דער לבנה...

(ער צולאַכט זיך אויף'ן קול.)

גרוג. אָט דער אונפֿערגלייכליכער וואַסער-פֿאַל ליגט אויף אַ באַרג, זעקס און צוואַנציג קילאָמעטער ווייט פֿון אַ גרויסער בעפֿעלקערטער און אינדוסטריעלער שטאָדט... וואָס דער אָבמאַך... געדיינקט גוט... וואָס דער אָבמאַך איהרער מיט דער גאַז-קאָמ-פּאַניע געהט אויס אין דריי יאָהר צייט... אַ נייע, אינטעליגענטע מוניציפּאַליטעט... אַ פֿריינדין פֿון פּראָגרעס...

אײזידאָר. דו בוי אַקאָרשט ניט צופֿיעל אויף דעם פּראָ־גרעסיװען גײסט פֿון די מוניציפּאַליטעטען... איך קען זײ גוט...

גרוג. די דאָזיגע איז גראָד זעהר צופֿריעדען זיך צו פֿער־גלײכען מיט אונז...

אײזידאָר. אַ פֿראַגע פֿון טרינק־געלד... זעהר שעהן... װײטער...

גרוג. דרײ װיכטיגע װאַרם־בעדער, גאָר ניט װײט אײנע פֿון די אַנדערע, געפֿינען זיך אויך אין יענער געגענד... זײ קענען אויפֿהאַלטען צװײ און נײנציג גרױסע האָטעלען... אַחוץ דעם... און דאָס איז די אינטערעסאַנטסטע זײט פֿון'ם געשעפֿט... די גאַנצע אומגעגענד אַרום איז זעהר רײך מיט דעם מינעראַל, פֿון װאָס מען מאַכט אַלומיניום... האָבענדיג אויף'ן פּלאַץ אי דעם מינעראַל, אי די קראַפֿט און די היץ... קענען מיר אויפֿבױען אַן אַלומיניום־פֿאַבריק... און קאָנקורירען מיט דײטשלאַנד...

אײזידאָר. גוט, גוט... איך זעה דאָס...

פֿינק. ס'איז גאָרנישט צו בערעכענען װאָס פֿאַר אַ שמאַלץ־גרוב דאָס איז...

אײזידאָר. אַזױ?... נאַ, לאָמיר דערװײל ניט מאַכען קײן חשבונות... (ער הױבט זיך אויף, געהט אַרום איבער'ן סאַלאָן, די הענד אַריבערגעלײגט אַהינטען, אײנע איבער דער אַנדערער.) און דער דאָזיגער װאַסער־פֿאַל... בעלאַנגט צו אײך...

גרוג (מיט אַ לײכטען ישוב הדעת). נו, אַודאי...

אײזידאָר. דאָס װאונדערט מיך...

פֿינק. פֿאַרװאָס עפּעס? װאָס איז דאָ פֿאַרהאַן זיך צו װאונדערן?

אײזידאָר. אַלזאָ... איהר זײט, הײסט עס, די בעלי בתים דערפֿון?...

גרוג. נו יאָ... איך װעל אײך זאָגען...

אײזידאָר. אַז איהר זײט ניט די בעלי בתים דערפֿון?...

גרוג. ס'איז אַזױ גוט װי יאָ... מיר האָבען אַ צוזאָג, אַז מען װעט זי קײן אַנדערן ניט פֿערקױפֿען, נור אונז...

א י ז י ד אָ ר. אַ צוואָג? פֿון וועמען?

ג ר ו ג. וואָס הייסט?... פֿון דעם בעל הבית פֿון'ם וואַסער־פֿאַל...

א י ז י ד אָ ר. וואָס איהר זייט זיינע בעלי בתים? (קאַטשעט זיך פֿאַר געלעכטער.) הערט אוים, קינדער, איהר זייט ביידע גאַנץ וואוילע יונגען... און איך... איך בין דאָך אַודאי אַ בהמה... אָבער דאָס וואָס איהר לייגט מיר פֿאָר איז אפשר גאַנץ אינטערעסאַנט... ס'איז יעדענפֿאַלס צו שטאַרק קאָמפּליצירט... איך לאָז זיך קיינמאָל ניט אַריין אין אַ געשעפֿט, ביז וואַנען איך וויים ניט, וואָס דאָס איז... וואו דאָס איז... און מיט וועמען איך דאַרף עס פֿערהאַנדלען...

(איזידאָר שטעלט זיך אָב לעבען זיין פּאָרטרעט, וועלכען ער בעטראַכט מיט שטאָלץ, די פּים פֿונאַנדערגעשפּרייט, די הענד אין די קעשענעס, דעם קאָפּ אין דער הויך. גרוג און פֿינק ווערן וואָס ווייטער אַלץ אונרוהיגער. זיי בייטען זיך איבער מיט פֿרעגענדע בליקען. איזידאָר האַלט אין איין אויפֿדרעהען און פֿערדרעהען די צוויי עלעקטרישע רעפֿלעקטאָרען.)

ג ר ו ג. איהר דאַרפֿט עס פֿערהאַנדלען מיט אונז... נאָר מיר ווילען גאָרנישט פֿערהוילען פֿון אייך... (אַביסעל גערייצט.) איהר לאָזט מיך איינפֿאַך ניט ריידען... (לעשאַ שווייגט.)

פֿ י נ ק. רק איהר שלאָגט איבער די רייד... (איזידאָר שווייגט.) מען וויסט ניט, וואו מען האַלט אין דער וועלט...

ג ר ו ג (נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויף'ן וואונק אָנגעפֿרעגט ביי פֿינק'ן). ער הייסט זשאָזעף ברינאָ...

א י ז י ד אָ ר. אָרעמער ברינאָ!... אַ ביטערער רחמנות אויף איהם... (ער זעצט זיך ביים ברעג טיש, וואו פֿינק זיצט.) און וואָס איז ער דאָס אַזוינס, דער חברה־מאַן אייערער?

ג ר ו ג. אַ האַלבער בויער... אַ האַלבער בורזשואַ... אַ פּראָסטער מענש... ניט זעהר איבערגעשפּיצט... נאָר אַ מורא'־דיגער עקשן... תחילת האָט ער ניט געוואָלט וויסען פֿון מאַכען שותפות... נאָר אַז מיר האָבען איהם פֿאָרגעשטעלט די מיליאָנען און מיליאָנען, וואָס דאָס קען איינברייגגען... איז ער מרוצה געוואָרען, מיר זאָלען אָנהויבען דאָס געשעפֿט אויף זיין חשבון...

אײזידאָר. ער איז, הײסט עס, אַ רײכער מאַן, אָט דער ברינאָ...

גרוג. ער האָט דאַן געהאַט זײַן אײגענס דרײַ הונדערט טױזענד פֿראַנק... אונגעפֿעהר... מיר האָבען איהם אױסגעשטעלט אַ בױ־פּלאַן, װאָס ער האָט אָנגענומען... און די אַרבײט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען. נאָר צום סוף האָט זיך אױסגעלאָזט, אַז פֿון צעהן קילאָמעטער טונעל, װאָס מען האָט געדאַרפֿט גראָבען, זײַנען קײן דרײַ ניט פֿאַרטיג געװאָרען... און פֿון די דרײַ הונדערט טױזענד פֿראַנק איז גאָרנישט געבליבען... מיר האָבען אַ טעות געהאַט מיט אונזער בױ־פּלאַן...

אײזידאָר (סאַרקאַסטיש). אַזױ גאָר?...

פֿינק. װאָס זשע, ס'איז בײַ אײַך אַ נײַעס, אַז מען האָט אַמאָל אַ טעות מיט אַ בױ־פּלאַן?...

אײזידאָר. נו יאָ!... (ער לאַכט.) װײַטער.

(אײזידאָר הױבט אױף דעם קאָפּ און קוקט אָן גרוג'ן און פֿינק'ן מיט מעהר אױפֿמערקזאַמקײט.)

גרוג. ברינאָ איז אַלזאָ געװען בײַ אונז אין די הענד... ער האָט עס גלײַך פֿערשטאַנען... מיר האָבען געמאַכט אַ קאָנטראַקט, לױט װעלכען מיר האָבען זיך פֿערפֿליכטעט אָנצוטרײַבען װײַטער דאָס געשעפֿט... און אָדער איהם אַרױסצאָהלען אַ געװיסע סומע, װעלכע דאַרף נאָך בעשטימט װערן... אָדער איהם געבען אַ קלײנעם חלק אין דער קאָמבינאַציע...

אײזידאָר. דאָס איז מכח ברינאָ'ן... מכח אָט דעם אָרעמען ברינאָ! און דער װאַסער־פֿאַל?... אָט דער בעריהמטער װאַסער־פֿאַל?

גרוג (נאָכדעם װי ער איז זיך אױף'ן װאונק מישב מיט פֿינק'ן). אין סען־קאַרע... לעבען גרענאָבל...

אײזידאָר. סען־קאַרע?... אָבער זאָגט אַקאָרשט, קינדער... סען־קאַרע... נו אַודאי... סען־קאַרע געפֿינט זיך, דוכט מיר, אין דער געגענד פֿון די מיליטערישע לאַגערן...

גרוג. יאָ...

פינק. ס'איז אַ קלייניגקייט...

איזידאָר. טאַקי? אַזוי מיינסט דו?... און די אַלע פערדרעהענישען, די אַלע צרות, אַלע שטיינער וואָס די מיליטער־רישע אַדמיניסטראַציע וועט דיר לייגען אויף'ן וועג... די אַלע פערשלעפּעניש, אַלע ענטזאַגונגען... און ענדליך, נאָך עטליכע יאָהר פון ביטערן קאַמפּף, פון פערלאָרענער צייט און געלד, קען זיך גאָר מאַכען, מען זאָל זיך ניט קענען אַ ריהר טהאָן פון אָרט... דאָס רופסט דו אַ קלייניגקייט?... נאַ, אַלטער פינק...

פינק (מיט אַ טאָן פון אויטאָריטעט). איהר פערשטעהט דאָך, אַז אין אַזאַ מין אונטערנעהמונג וועלען מיר דאָך ניט אַריינגעהן בלינדערהייט... מיר האָבען אַן איינפלוס אין די הויכע פענס־טער...

איזידאָר. אַה!... און קאַפּיטאַל אויך... מן הסתם? ס'איז גרויסאַרטיג... היינט נאָך וואָס זשע דאַרפט איהר מיך, איך בעט אייך? געהט, קינדער, געהט אייך אַליין... ס'איז גלייכער אַזוי? אַ גלאָז פּאָרט־וויין?... 1804!... לאָמיר טרינקען פאַר אָט דעם אָרעמען ברינאָ'ס געזונד, ווי?... (ער גיסט אָן און זיי טרינקען.) זאָגט נאָר? אָט אַפּנים ער שמעקט אייך שוין ניט אַזוי גוט, דער פּאָרט־וויין, העַ?

פינק. ס'הויבט זיך גאָר ניט אָן... גראָד פערקעהרט!

גרוג. אָבער, ליעבער הערר לעשאַ... ס'איז אונז גאָר קיינ־מאָל ניט אַרויף אויף'ן זינען, אַז איהר וואָלט אונז ניט געקענט זיין ניצליך... דאָס וואָלט דאָך געווען אַ שגעון פון אונזער זייט...

איזידאָר. וואָס זשע, דו קומסט שוין צוריק צום גע־שעפט?...

גרוג. איהר האָט אַ צייטונג... דאָס הייסט, אַ מעכטיג און מורא'דיג געוועהר פון'ם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם...

פינק. אַ הויב־אינסטרומענט, וואָס איז נייטיג פאַר אַלע גרויסע געשעפטען...

גרוג. איהר האָט אויך...

איזידאָר. יאָ... יאָ... און ניט קוקענדיג דערויף האָט

איהר מיך געוואָלט אָבצימבלען... (גרוג און פינק פראָטעסטירען און מאַכען מיט די הענד, אַז עס איז ניט ריכטיג.) איהר האָט גיט געטראָפען דעם אָרט... איך בין אויפריכטיג, איך... אָפענהערציג, ברייט... זעהר ברייט... און איך שפּיעל מיט אָפענע קאַרטען... נאָר איך וויים וואָס עס טהוט זיך... איך בין ניט ברינאָ, איך... אָט דער אָרעמער ברינאָ!... איך האָב האַרטע ביינער... אַ הויט ווי פּאַרמעט... אַז מען וויל מיך אַרונטערשלינגען... לייג איך זיך אַוועק אין דער קוועך... און ס'געהט ניט... דאָס האָט איהר אייך פאַר אייערע קינדערשע שטיק... אַצונד הערט מיך גוט אוים... פון דעם געשעפט, מכח וועלכען מיר ריידען דאָ, וויים איך בלויז דאָס וואָס איהר האָט מיר דערצעהלט... דאָס הייסט... איך הויב עס נאָך דערוויול ניט אָן קענען... נאָר איך בין גרייט עס דורכצוּשטודירען ווי געהעריג איז... ס'קען זיין שלעכט... ס'קען זיין גוט... ב'מיין, ס'איז גוט... און איך האָב אַ שטיקעל חוש הריח אין די דאָזיגע זאַכען... נאָר וואָס איך וויל איז בעשטימטע קאָנדיציעס, אָהן טענות... יאָ אָדער ניין... וואָרים איך קען ניט פערלירען קיין צייט מיט אָט די אַלע קינדערייען... מיט אָט די קליינע לעבערליבע טענות, וועלכע וועלען אייך צו גאָרנישט פיהרען און וועלכע עקלען מיך אָב...

גרוג. אָבער... פּאַרדאָן... אָט די קלייניגקייטען...

איזידאָר. גאַ, גענוג זאָל זיין!... וויפיעל, דיינקט איהר, דאַרף מען האָבען פאַר דער איינריכטונג... אַרבייט... בוי־מאַטעריאַלען... מאַשינען?

פינק. אַבט מיליאָן...

איזידאָר. אָהאָ!... (פויזע.) דאָס וועלען מיר זעהן... (פויזע.) איך נעהם זיך אָן שאַפען דאָס געלד... אָבער ערלויבט מיר אויסריידען מיט אייך גאַנץ קלאָהר, אַז איך וועל אַפריהער מוזען גוט אונטערזוכען די זאַך און בעשטימען, צי דאָס איז אַ געשעפט...

גרוג. דאָס פערשטעהט זיך פון זיך אַליין...

איזידאָר. איך נעהם אויך אויף מיר די אונטערהאַנדלונגען

מיט דעם קריעגס־מיניסטער... און איך גאַראַנטיר אייך, אַז אַלע שוויריגקייטען וועלען בעזייטיגט ווערן... (ער הערט אויף אָרומגעהן.) און אָט וואָס איך פערלאַנג... ראשית כל, ברינאָ'ן... קען איך ניט, איך... און איך וויל איהם ניט קענען... טהוט מיט איהם וואָס איהר ווילט...

גרוג. פּאַרדאָן... אָט דער אָרעמער מאַן!...

איזידאָר. אָדער מען גיט זיך אָב מיט פילאַנטראָפּיע, אָדער מען מאַכט געשעפטען... איינס פון די צוויי... איהר מאַכט געשעפטען, ניט אַזוי?... נו, איהר האָט איהם איינמאָל אָבגעצימבעלט... אָט דעם אָרעמען ברינאָ... דאַרפט איהר דאָך מיך ניט האָבען איהם אָבצוצימבלען אַ צווייטען מאָל. ברינאָ'ן לאָז איך איבער ביי אייך אין די הענד... (לאַכט הויך אויף'ן קול.) און, אַז מיר האַלטען דערביי, זאָג איך אייך אַפּריהער, אַז די בוי־פּלענער, וואָס איהר וועט מיר פאָרלייגען, וועלען שטרייננ קאָנטראָלירט ווערן... און טאָמער וועלען שפּעטער אַרויספּקומען נייע הוצאות... וועט דאָס אַרונטערגענומען ווערן אויסשליסליך פון אייער טהייל...

(גרוג ווערט אונגעדולדיג. — פינק בערוהיגט איהם מיט אַ וואונק.)

פּינק. אָבער קודם כל לאָמיר הערען, ווי אַזוי וועט דער פּראָפיט צוטהיילט ווערן... ווי אַזוי וועלען זיין די חלקים?...

איזידאָר. גלייך צווישען אונז ביידען...

פּינק. איהר מיינט צווישען אונז דריי.

איזידאָר. וואָס הייסט... צווישען אונז דריי?... וואו זעהסט דו, אַז מיר זיינען דריי?... (צו גרוג'ן.) דו... (צו פּינק'ן.) און דו... דאָס מאַכט איינס... איך, דאָס מאַכט ווידער איינס... איינס און איינס... מאַכט צוויי!... וואו איז דער דריטער? און זייט וויסען, אַז איך וויל ניט אַנדערש נאָר האָבען די גאַנצע פינאַנציעלע דעה איבער'ן געשעפט... און מאַכען וואָס פאַר קאָמבינאַציעס איך וועל נאָר געפינען פאַר נייטיג... אָהן דעם אַז איהר זאָלט זיך מיר אריינמישען אויף וואָס פאַר עס איז אופן... נאַ, פערשטעהט זיך, אַז איהר וועט זיך האָבען אייערע רעכטע... נאָר איך זאָג אייך אַפּריהער, אַז זיי וועלען ניט זיין זעהר גרויס...

גרוג. כ'פערשטעה ניט...

איזידאָר. דו ווערסט פערשטעהן שפעטער... לאָמיך אַקאָרשט ענדיגען... אַזוי ווי איך גיב דאָס געלד... דארף איך דאָך אייך ניט זאָגען, אַז איך רעכען צוצונעהמען פאַר זיך אַלע ראַבאַטען, וואָס ווערן אַרונטערגעגעבען ביים אויפקויפען די בוי־מאַטעריאַלען...

פינק. וועלכע ראַבאַטען?

גרוג. ניטאָ קיין ראַבאַטען...

איזידאָר. נאַ, קינדער... אויב ס'איז ניטאָ קיין ראַבאַטען, וועל איך זיך אַליין האָבען אָבגענאַרט... דאָס וואָלט געווען קאָמיש... אָבער איך מיין, אַז איהר האָט אַ טעות...

גרוג. איהר האָט ניט גערעדט מכח אונזער געהאַלט?...

איזידאָר. איך וויל ניט וויסען דערפון...

גרוג. ס'פיהרט זיך דאָך אָבער אַזוי...

איזידאָר. איך וויל בשום אופן ניט וויסען דערפון... וואָס זיינען מיר, אָנגעשטעלטע צי וואָס?...

פינק. ערלויבט... ערלויבט...

איזידאָר. גאָרנישט... גאָרנישט...

פינק. און מיין פאַטענט?

איזידאָר (נאָכדעם ווי ער קוקט אָן פינק'ן מיט אַן איראָנישען בליק). דיין פאַטענט?... וואָס פאַר אַ פאַטענט?... אַה, יאָ!... (ער גיט איהם אַ קלאַפּ אָן פלייצע.) וויפיעל אַזייגער פאָהרסט דו?... פאַרהאַן אַ צוג האַלב זיבען... אַן עקספרעס־צוג, מיין פריינד... ס'איז דער בעסטער...

פינק. מיר קענען ניט אָננעהמען אַזעלכע קאָנדיציעס...

גרוג. איהר שינדט אונז אַראָב די הויט...

פינק. איהר דערשטיקט אונז...

גרוג. ס'איז אונמעגליך... אונמעגליך...

פינק. שוידערליך!... איך רעספעקטיר די רעכטע פון'ם קאַפּיטאַל... אָבער דאָס קאַפּיטאַל איז ניט אַלעס אין אַ געשעפט... און מיין פאַטענט. (ער וואַרפט אַרום אַ פאַפיר, וואָס ער האַלט אין דער האַנד.) מיין פאַטענט האָט דאָך אויך זיינע רעכטע...

איזידאָר (גוטמוטהיג). די ברירה איז ביי אייך, קינדער... נאַ, איז ניט געפֿידעלט... האָבען מיר גאָרנישט גערעדט, און גענוג... מען שמועסט זיך דורך וועגען אַ געשעפֿט... מען געהט זיך ניט צו־נויף... דאָס טרעפֿט כסדר... און ס'איז ניטאָ וואָס זיך צו קאָכען דעריבער... (נאָך אַ פּויזע.) ערגער פֿון אַלעמען... וועט זיין ברי־נאָ'ן... (ער געהט אַרום איבער'ן סאַלאָן הין און צוריק.) אָרעמער ברינאָ!... נאָך אַלעמען, הויבט ער מיך אָן אינטערעסירען, אָט דער בראַווער מאַן... כ'לעבען, כ'האָב בדעה אַריבערפֿאָהרען אַמאָל צו איהם... און זיך מיט איהם דורכשמועסען... וואָס זאָגט איהר דערצו?... אַן אינטערוויו מיט ברינאָ'ן אין דעם „פּעטי טריקאָלאָר"... הע?... דאָס וואָלט געווען ריהרענד... און קאָמיש, ניט אמת?... (ער רייבט זיך די הענד. — גרוג און פֿינק ווערן אַלערליי קוליערען.) יאָ, כ'לעבען!... ס'איז אַ גוטע אידעע... און דאַן... פֿאַרוואָס ניט אַריבערגעהן, טאַקי מאָרגען שוין, אין קריעגס־מיניסטעריום? (איינדרוקספֿול.) איך בין דאָרט ווי ביי זיך אין דער־היים... כ'געה אַריין צום מיניסטער אין קאַבינעט מיט'ן הוט אויף'ן קאָפּ... דאָס איז אויך אַ גוטע אידעע, ווי?... (ער רייבט זיך די הענד.) נאַ? אָט דער פּראָגראַם געפֿעלט אייך?

גרוג (דערשלאָגען). אַלעס וואָס מיר ווילען איז זיך נאָך אַמאָל מישב זיין וועגען דעם...

איזידאָר. נאָך וואָס?... דאָס געשעפֿט געפֿעלט אייך ניט... לאָזט עס אָב... זעהט איהר... מען דאַרף קיינמאָל ניט טהאָן קיין זאַך איבער געוואַלד...

(ס'קומט אַריין אַ משרת.)

דער משרת. הערר קסאַוויע...

איזידאָר. איין מינוט... כ'בין גלייך פֿאַרטיג... (דער משרת געהט אַרויס. — צו גרוג'ן און פֿינק'ן.) ענטשולדיגט, קינדער... איך מוז ריידען מיט מיין זוהן...

(גרוג געהמט זיין הוט. פֿינק לייגט אַריין זיינע פּאַפּירען אין פּאַפּירען־טאַש, וועלכע ער פֿערמאַכט. זיי גרייטען זיך אַרויסצוגעהן, דערשלאָגענע און צומישטע.)

ג ר ו ג. אַלזאָ... בלייבט עס, אַז מיר וועלען זיך מישב זיין...

א י ז י ד אָ ר. ווי איהר ווילט...

פ̄ י נ ק. מיר וועלען דורכקוקען געוויסע ציפ̄ערן, נאָך אַמאָל מאַכען עטליכע רעכנונגען...

א י ז י ד אָ ר. זאָל זיין אַזוי...

פ̄ י נ ק. וואָס זיינען מיר דען אויסען, מיר? זיך איינפ̄ערשטעהן, ניט אַזוי?... איהר פ̄ון אייער זייט...

א י ז י ד אָ ר. אָה! קינדער... בעט מיך גאָר ניט איך זאָל זיך מישב זיין... מיין ישוב הדעת וועט אייך גאָרנישט העלפ̄ען... אדרבה...

פ̄ י נ ק (מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ). נאַ... אַזוי בלייבט עס...

א י ז י ד אָ ר. איהר האָט צייט ביז זעקס אַזייגער... הערט אויס... אויב עס בלייבט ביי אייך צו מאַכען דאָס געשעפ̄ט...

פ̄ י נ ק. אַה!... ס'איז אַ גאַנץ אַנדער קאָמבינאַציע איצט...

א י ז י ד אָ ר. נאַ... אויב איהר נעהמט אָן מיינע קאָנדיציעס, שטעלט מיר אויס אַ קליינעם פּראָוויזאָרישען קאָנטראַקט... אָבער האַלט זיך שטריינג ביי די פּונקטען וואָס איך האָב אייך פ̄אָר־געלייגט... גאַנץ שטריינג, איהר הערט?... שפּעטער, אַז מיר וועלען האַלטען ביים ריכטיגען קאָנטראַקט, וועלען מיר זיך דאַר־פ̄ען דורכשמועסען מכח נאָך עטליכע זאַכען, איבער וועלכע מיר האָבען ניט גערעדט... (גרוג און פ̄ינק ווערן ערשטוינט.) אונבעדייטענדע זאַכען..

ג ר ו ג (דערשלאָגען, קוקענדיג טרויעריג אויף די שפּיץ שיך זיינע). נאַ... אַזוי בלייבט עס... מיר וועלען זיך מישב זיין.

פ̄ י נ ק (מיט אַ פ̄ערטרויערטער מיענע). געוויס, וואָס דען?...

ג ר ו ג (מיט דערזעלבער מיענע). וואָס זיינען מיר דען אויסען, מיר?... ניט אַזוי?

פ̄ י נ ק. געפ̄ינען אַ וועג... וואָס זאָל זיין גוט פ̄אַר אַלעמען...

א י ז י ד אָ ר (בעגלייט זיי ביז דער טהיר און בערוהיגט זיי, קלאַ־פּענדיג יעדען פ̄ון זיי פ̄ריינדליך אָן פּלייצע). נאַ... נאַ... וואָס פ̄אַר מאָדנע מענשען איהר זייט דאָס!... איך וויל אייך גליקליך

מאַכען... און איהר זעהט אויס אַזוי פערזאומערט, אַקוראַט ווי אימיצער וואָלט ביי אייך אַוועקגעשטאָרבען... קוראַזש, צו'ן אַל-די רוחות!... און לוסטיג... קינדער... (גרוג און פינק געהען אַרויס. — ער שרייט זיי נאָך.) האַלב זיבען אַזייגער... פערגעסט ניט...

(ס'קומט אַריין קסאַוויע.)

## עלפטע סצענע.

### איזידאָר, קסאַוויע.

(קסאַוויע געהט אַנגעטהאָן אין אַ זעהר עלעגאַנטען אָטאָמאָביל-אַנצוג, — ער איז הויך, מאָגער, דאָס געזיכט אַביסעל פערוועלקט, קאַלטע מאַניערען.)

איזידאָר (מלא שמחה, מיט אָפענע אָרעמס). אַה! ענדליך... אָט איז דער „הייצער"!...

קסאַוויע. פאָטער!...

(ער שטרעקט איהם אויס צוויי פינגער פון זיין האַנד.)

איזידאָר. דאָס איז אַלעס וואָס דו גיסט מיר! נאַ... וואָס זשע? מען דאַרף גאָרניט אומאַרמען דעם פאַפאַ?... דעם אַלטען פאַפאַ!

קסאַוויע. אַז דו ווילסט...

(ער אומאַרמט דעם פאָטער.)

איזידאָר. אָט אַפנים ס'איז ניט געהויבען?... ס'געהט, הייסט עס, ניט שטאַרק גלענצענד, וואָס?... קוק מיר אַקאָרשט אָן... וואָס איז דאָס פאַר אַ צורה?... פער'דאגה'ט, הע?

קסאַוויע (מיט אַ האַלבען מויל). אָה!...

איזידאָר. שעהנע פרויען?... ליעבעס-געשיכטען?...

קסאַוויע. אָה! ניין... די ליעבעס-געשיכטען האָב איך שוין לאַנג פערגעסען...

איזידאָר. אַה, דו קליינער „הייצער" דו!... געלד-זאַכען?

קסאַוויע. דאָס שוין גיכער...

איזידאָר. אַה!... אַ גראָבע אַפּותיקא?...

קסאַוויע גאַנץ גראָבלאַך...

איזידאָר. אין אָסטענד?

קסאַוויע. אָסטענד...

איזידאָר. לאָמיך הערען... אַ גלאָז פּאָרט־וויין?

קסאַוויע. מערסי!... דו ווייסט, אַז איך טרינק קיין זאַך ניט אויסער וואַסער...

איזידאָר. ניט קיין שלעכטער לעבע־יונג ביסט דו!... (ער זעצט זיך אַנידער.) נו?

קסאַוויע (זעצט זיך אויך). צעהן טויזענד „לואי'ס"*)...

איזידאָר (שפּרינגט אויף). וואָס זאָגסט דו?

קסאַוויע (אויסציהענדיג קאַלטבלוטיג יעדעס וואָרט). צעהן... טויזענד... „לואי'ס"...

איזידאָר. כ'האָב געהערט... כ'האָב געהערט... (ער קוקט אָן זיין זוהן מיט אַ מיענע פון ערשטוינונג.) דיינע געשיכטען זיינען קורץ... מיין זוהן... אָבער זיי זיינען גוט...

קסאַוויע. גוט צי ניט... אָט דאָס איז דאָס!... (אַ קורצעס שטילשווייגען.)

איזידאָר. אָבער... זאָג נאָר... צעהן טויזענד „לואי'ס"... דאָס איז דאָך אַ געוואַלדיגע סומע...

קסאַוויע. אָה!... פאַר דיר...

איזידאָר. וואָס הייסט פאַר מיר?... וואָס מיינסט דו... מען האָט עס שטענדיג ביי זיך צוויי הונדערט טויזענד פראַנק... אָנגעגרייט אויף אַוועקצוגעבען?... האָסט דאָך געקענט לאָזען וויסען וועגען דעם!...

קסאַוויע. אַן עסק, וואָס מוז מאָרגען אָבגעפּטר'ט ווערען... און ס'וועט מעהר ניט פאָרקומען...

---

*) אַ „לואי" איז אַ צוואַנציג־פראַנק־שטיק.

איזידאָר. אַן עסק... אַן עסק... ס'איז לייכט צו ריידען...
און ניטאָ קיין מיטעל זיך אויסצוגלייכען?

קסאַוויע. אונמעגליך... אַ חוב... און מיין עהרע שטעקט דערביי...

איזידאָר. עהרע... עהרע... צום טייוועל מיט דער עהרע!... וואו ס'איז אַ פֿראַגע פֿון געלד... איז ניטאָ קיין עהרע... ס'איז אַן עסק... און מען פֿערגלייכט זיך...

קסאַוויע. ניט אין מיין וועלט...

איזידאָר. אין זיין וועלט!... נישקשה'דיג געזאָגט... בנאמנות... וואָס זשע, אונמעגליך?

קסאַוויע (גאַנץ טרוקען). אונמעגליך!...

איזידאָר. אַבסאָלוט אונמעגליך?

קסאַוויע (מיט'ן זעלבען טאָן). אַבסאָלוט אונמעגליך...

איזידאָר. יאָ!... (פֿערטראַכט זיך, — אַ קליינע פּויזע.) הער אויס... איך וועל דיר געבען די צוויי הונדערט טויזענד פֿראַנק... נאָר... דו מוזט זיי מיר אָבפֿערדיענען...

קסאַוויע. אַז איך וועל נור קענען...

איזידאָר. דו וועסט קענען... אָבער דער קאָפּ ווערט מיר צושפּאַלטען פֿון די געשעפֿטען, וואָס איך האָב היינט געהאַט פֿון אין דערפֿריה אָן... (ער הויבט זיך אויף.) און איך האָב נאָך איינס, זעהר אַ גרויס, צו פֿערהאַנדלען... שפּעטער אַ ווייל... מיט אָט דער קאַנאַליע פֿון פּאָרסעלע... מיר וועלען ריידען דערפֿון נאָך'ן מיטאָג...

קסאַוויע. דאָס וועט אַלזאָ זיין מיין דעסערט?

איזידאָר (גיט דעם זון אַ גלעט אין באַק). אַ וואוילער יונג, נאָך אַלעמען... קום, כ'וועל דיר ווייזען מיינע פֿערד... (נעהמט אַרויס דעם זייגער.) מיר האָבען נאָך צייט...

קסאַוויע. דו ווייסט, אַז איך מוז זיין זעקס אַזייגער צוריק אין פּאַריז?

איזידאָר. דו וועסט זיין... רעד זיך אַקאָרשט ניט אויס מיט קיין איין וואָרט פֿאַר דער מאַמע'ן...

קסאַוויע. וואָס פֿאַלט דיר איין!...

איזידאָר. אַניט וועט זי מיר נאָך גאַנצע צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד פֿערוויינען דעם קאָפּ...

קסאַוויע. זי גיט נאָך אַלץ אָן מעשים, די מאַמאַ?...

איזידאָר. אַה! מיין קינד...

(זיי לאָזען זיך געהן געאַרמט צו דער טהיר.)

קסאַוויע. און טאַרטעלעט גאַברי?...

איזידאָר (מיט האַרץ). אַ מלאך... אַן אמת׳ער מלאך!...

קסאַוויע (לאַכט). אַה! פּאַפּאַ... אין דיינע יאָהרען!...

איזידאָר. וואָס זאָל איך דיר טהאָן? איך בין ניט אַזוי ווי דו... כ׳האָב אַ יונג האַרץ... צו׳ן אַל־די רוחות! איך מוז האָבען געפֿיהל... ליעבע...

קסאַוויע (איראָניש). אַ אידעאַל, צו׳ן אַל־די שוואַרץ יאָהר?

איזידאָר. נו, יאָ!... דאָס ערהוילט אַביסעל פֿון די געשעפֿטען!...

(זיי לאַכען און פֿערשווינדען.)

(פֿאָרהאַנג.)

# דריטער אקט.

דערזעלבער טאָג, נאָך'ן מיטאָג.
איזידאָר לעשאַ'ס קאַבינעט.

אין הינטער-גרונד, אַ גרויסאַרטיגער קאַמין, און איבער איהם, איינגע-פאַסט אין די האָלץ פון וואַנד, אַ אַלטער פאָרטרעט. אויף די וועגד רעכטס און לינקס פיינע טאַפּעטען פון 16טען יאָהרהונדערט. רעכטס, אַ טהיר, וואָס פיהרט אַריין אין די סאַלאָנען פאַר די געסט; נאָך אַ טהיר, אַ קלענערע, פיהרט אַריין אין די וואוין-צימערן. לינקס, אַ גאַנץ גרויסע גלעזערנע טהיר, וואָס געהט אַרויס צום באַלקאָ', פון וואַנען מען זעהט די גערטנער און אַ גרויס שטיק זוניגען הימעל.

אין מיטען צימער שטעהט אַ זעהר גרויסער שרייב-טיש אַ לאַ לואי דעם פערצעהנטען, אָנגעלייגט מיט קונסט-זאַכען און מיט פאַפּירען. רייכע מעבעל. פערשיעדענע אַלט-מאָדישע און נייע שטוהלען.

## ערשטע סצענע.

### איזידאָר, קסאַוויע.

(אַז דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זיצט איזידאָר ביי זיין שרייב-טיש און פילט אויס אַ משעק. קסאַוויע שטעהט אָנגעשפּאַרט אָן קאַמין, רויכערט אַ ציגאַר און קוקט אַריין אין אַ צייטונג. — אַ מאָמענט פון שטילשוויינען.)

**איזידאָר** (אָבריסענדיג דעם טשעק פון ביכעל און איהם דער-לאַנגענדיג קסאַוויע'ן). **אָט האָסט דו...**

**קסאַוויע** (נעהמט דעם טשעק און קוקט איהם דורך). **מערסי...**

(ער בויגט גאַנץ לאַנגזאַם צונויף דעם טשעק און לייגט איהם אַריין אין זיין געלד-טאַש.)

איזידאָר. נאַר... הערסט דו, מיין זוהן?... פונדעסטוועגען דאַרפסט דו זיך ניט צו שטאַרק צוגעוועהנען צו די דאָזיגע קליינע פערשווענדערייען... סוף כל סוף וועט די קאַסע פון׳ם פאַפאַ לעשאַ אויך ניט סטייען דערויף.

קסאַוויע (מיט אַ לייכטען שמייכעל און אַ שאָקעל טהאָנדיג מיט׳ן קאָפּ). אָה!...

איזידאָר. אָבער ניין... איך בעט דיך!... (אַ קורצעס שטיל־שווייגען, איזידאָר פערטראַכט זיך אַ ווייל׳ע.) אַצונד... זאָג מיר אַקאָרשט... דו ביסט נאָך אַלץ גוט־פריינד מיט דעם יונגען בראַגאַר?

קסאַוויע. וועלכען?

איזידאָר. דעם גענעראַל׳ס זוהן...

קסאַוויע. העגרי?... (נאַכלעסיג.) יאָ... מיר זיינען געקומען אינאיינעם פון אָסטענד, געכטען ביינאַכט...

איזידאָר. וואָס איז דאָס פאַר אַ חברה־מאַן?

קסאַוויע. ווייס איך... ווי אַלע מענשען... איבעריגענס, זעהר עלעגאַנט...

איזידאָר. די בראַגאַרס האָבען ניט קיין געלד?...

קסאַוויע. מען האַלט זיי ווירקליך ניט פאַר קיין רייכע לייט...

איזידאָר. פונדעסטוועגען... פיהרען זיי אַ גרויסען שטאַט?...

קסאַוויע. אַ גרויסען שטאַט?... נו יאָ... אַ נישקשה׳דיגען שטאַט... זיי זיינען גאַנץ עלעגאַנט...

איזידאָר. און זיי האָבען ניט קיין געלד?...

קסאַוויע. דאָס האָט דאָך ניט צו טהאָן איינס מיט׳ן אַנדערן...

איזידאָר. פערשטעהט זיך... (פויזע.) איך וועל דיר עפּעס זאָגען... כ׳האָב געהערט, אַז דער קריעגס־מיניסטער האָט בדעה צו מאַכען אַ פאָלשטענדיגע ענדערונג אין זיינע ביוראָ׳ס... ער איז ענטשלאָסען צו געבען דעם גענעראַל בראַגאַר די שטעלע פון שעף פון גענעראַל־שטאַב... ס׳איז שוין זאָגאַר אַן אָבגעטהאָנענע זאַך...

קסאַוויע. אַה!... העני האָט מיר וועגען דעם קיין וואָרט ניט געזאָגט...

איזידאָר. יאָ... אָבער איך וויים עס...

קסאַוויע. נאַ, זעהר גוט!... דאָס וועט איהם אַביסעל שטעלען אויף די פיס...

איזידאר. ס'איז מיר נייטיג... פאַר אַ זעהר גרוים געשעפט, וואָס איך האַלט איצט אין שליסען מיט די דאָזיגע צוויי עזעל־קעפּ... וואָס דו האָסט געזעהן ביים מיטאָג...

קסאַוויע. צוויי נישקשה'דיגע קעפּ... אָבער קיין שפור פון טריאומף איז ניטאָ אויף זייערע פנים'ער...

איזידאָר. גוט געזאָגט!... (ער מאַכט אַ מיענע פונקט אַזוי ווי ער וואָלט פערדרעהט אַ שרויף, קסאַוויע לאַכט.) כ'מוז נייטיג האָבען איינעם, וואָס זאָל מיך גאַנץ ערנסט צונויפפיהרען מיט דעם גע־נעראַל בראַגאַר... פערגעס ניט, אַז אויב איך האָב נור קיין טעות ניט... געהט עס דאָ אין אַ צוואַנציג מיליאָן... (קסאַוויע גיט אַ פייף מיט'ן מויל.) יאָ, מיין בחור'ל, גאַנץ איינפאַך...

קסאַוויע. הערסט דו!... דאָס הייסט אַ געשעפט!

איזידאָר. נאָך מעהר פיליכט... כ'וועל אפשר גאָר קענען פערדאָפּלען מיין פערמעגען דורך דעם... (קסאַוויע הויבט אָן אַרויס־ווייזען מעהר אינטערעס אין דער פראַגע.) אָבער איך מוז האָבען בראַגאַר'ן דערצו... כ'מוז איהם אונבעדינגט האָבען...

קסאַוויע. בראַגאַר'ן?... דו האָסט דאָך פאָרסעלע'ן... זיין שוועסטער־קינד... זייגען זעהר שטאַרק בעפריינדעט ביידע.

איזידאָר. דאָס וויים איך... אָבער איך וואָלט געוואָלט האָבען עפּעס אַ נעהנטערן... און דאַן... פאָרסעלע... (פויזע.) כ'וויים נאָך ניט וואָס איך וועל מאַכען מיט איהם... (פויזע.) זאָג נאָר... דיין פריינד העני האָט עפּעס אַן איינפלוס אויף זיין פאָטער?...

קסאַוויע. דאָס... וויים איך ניט... נאָר אַז מען נעהמט זיך גוט דערצו... האָט מען אימער אַן איינפלוס אויף'ן פאָטער...

איזידאָר. אַה! אַה!... דאָס מיינסט דו מיך דערמיט?...

קסאַוויע. אָה! דו!... דו טהוסט דאָך וואָס דו ווילסט...

איזידאָר (מיט אַ פֿריינדליכער פֿאָטערליכער מיענע). יאָ... יאָ... מענסט זיך טאַקי אויסלאַכען פֿון מיר, אַצונד אַז דו האָסט דיינע צוויי הונדערט טויזענד אין קעשענע... קליינע קאַנאַליע!... נאַ... לאָמיך אַקאָרשט הערען דיין מיינונג וועגען דעם יונגען הענרי?

קסאַוויע. מען קען פּרואווען...

איזידאָר. נאַ, מיין ליעבער... דו מוזט איהם מיר ברינגען... מאָרגען... אין דער רעדאַקציע... מיר וועלען האָבען מיטאָג אַלע דריי... און מיר וועלען שמועסען...

קסאַוויע (נאָך אַ פּויזע). דאָס... זעהסט דו... איז שוין גלייכער...

איזידאָר. וואָס הייסט?...

קסאַוויע. הענרי איז אַ גאַנץ וואוילער יונג... נאָר פֿאָר-זיכטיג, זעהר פֿאָרמאַלנע...

איזידאָר. כ׳וועל זיין מיט איהם אַזוי פֿאָרמאַלנע ווי ער וועט נאָר וועלען...

קסאַוויע. פֿערשטעהסט דו מיך... כ׳האָב מורא, אַז ער וואָלט קיין גרוים חשק ניט געהאַט זיך צו בעגעגענען מיט דיר... ביי דיר אין דערהיים...

איזידאָר. פֿאַרוואָס עפּעס?

קסאַוויע. וויל... דו ביסט... אַביסעל שלעכט אָנגעשריבען אין יענע קרייזען...

איזידאָר. ס׳איז גאָר ניט מיאוס, כ׳לעבען... שלעכט אָנגעשריבען, איך?... וואָס דרעהסט דו אַ קאָפּ?

קסאַוויע. כ׳וויים גאַנץ גוט, וואָס מען רעדט וועגען דיר צו ביסלאַך איבעראַל... איך הער יעדען טאָג... אין קלוב... אַלערליי געשיכטען... אויף דיין חשבון...

איזידאָר (מונטער). געשיכטען?... וואָס זשע, וועגען פּרויען?

קסאַוויע. ניט דוקא דאָס... (אונבעשטימט.) געשיכטען...

מיר... מיר מאַכט עס גאָרנישט אויס... ביי מיר ביסט דו גאָר גרויסאַרטיג... נאָר פֿאַרהאַן אַזעלכע, וואָס קוקען אַנדערש...

איזידאָר. פש...ש...!... בהמות... כ'לאַך זיך אויס פֿון זיי!

קסאַוויע. כ'מיין, איך האָב אַ בעסערן פּלאַן... איך בין שטאַרק בעפֿריינדעט מיט... העגרי'ס מעטרעסע... (בעטאָנט.) זעהר שטאַרק...

איזידאָר. ווער איז דאָס?

קסאַוויע. אַ פֿרוי וואָס דו קענסט ניט... זעהר קלוג... זעהר געהיימניספֿול... און וועלכע האָט אַ געוואַלדיגען איינפֿלוס אויף איהר געליעבטען...

איזידאָר (אויפֿמערקזאַם). אָה!

קסאַוויע. אַ רוסין, וועלכע איז צייטענווייז אַ דייטשקע, צייטענווייז אַן איטאַליענערקע... פֿערשטעהסט?

איזידאָר (נאָכדעם ווי ער פֿערטראַכט זיך אַ ווײַלע). איך בין ניט פֿון דער דאָזיגער שוהלע... זיי זיינען גאַנץ פֿיין... די פֿרויען... נאָר אויסער דער ליעבע... היט איך זיך פֿאַר זיי ווי פֿאַר דער פעסט... ניין... ניין... נאָר קיין פֿרויען ניט אין די געשעפֿטען...

קסאַוויע. האָסט אַ טעות... אין גרונד גענומען, טויגען זיי בלויז דערצו...

איזידאָר. אַ שפּיאָנין?...

קסאַוויע (זעהר קאַלט און זעהר טרוקען). נו? איז וואָס? (פּויזע.)

איזידאָר (קוקט אָן זיין זוהן מיט פֿערוואונדערונג). אַ דו קליי־נער גנב דו?... (נאָכדעם ווי ער איז זיך נאָך אַמאָל מישב.) ניין... ניין... איך וויל פֿערהאַנדלען דאָס דאָזיגע געשעפֿט... אַליין, פֿאַר זיך...

קסאַוויע. דו היטסט זיך, הייסט עס, פֿאַר מיר?...

איזידאָר. וואָס ביסט דו פֿאַר אַ נאַר!... אַז איך וואָלט

זיך געהיט פֿאַר דיר... וואָלט איך דיך געבעטען, זאָלסט בייוואוי-
נען דעם געשפּרעך ?...

(ס׳קומט אַריין אַ משרת.)

דער משרת. דער מאַרקיז פֿון פּאָרסעלע פֿרעגט, צי דער
הערר קען איהם אויפֿנעהמען...

איזידאָר. צוויי אַזייגער... צום טייוועל !... ער איז פּינקט-
ליך, דער הערר מאַרקיז... (צום משרת.) בעט דעם הערר פֿון
פּאָרסעלע, ער זאָל אויסוואַרטען אַ פּאָר סעקונדען... (צו קסאַוויע׳ן.)
ווילסט איהם זעהן ?

קסאַוויע. ניין... ניין... (איזידאָר גיט אַ וואונק צום משרת,
װעלכער געהט אַרויס.)

איזידאָר. ס׳אַרט מיך גראָד ניט, וואָס ער דאַרף וואַרטען
אַביסעל, דער הערר מאַרקיז... נאָר ער איז פּינקטליך !...

קסאַוויע. די פּינקטליכקייט איז די העפֿליכקייט פֿון אַלע
אויסגעשפּיעלטע...

איזידאָר. ער איז דאָך, כ׳לעבען, גאָר קיין נאַר ניט, אָט
דער בחור׳ל !... (ער הויבט זיך אויף.) אַלזאָ... ס׳איז אָבגעמאַכט ?...
דו ברייינגסט מיר איהם... מאָרגען... איינס אַזייגער ?

קסאַוויע. כ׳וועל זיך סטאַרען...

איזידאָר. ניטאָ קיין : איך וועל זיך סטאַרען... דו מוזט...

קסאַוויע (נאָך אַ פּויזע, מיט אַ קאַלטען ציניש טאָן). וויפֿיעל
וועסט דו מיר געבען ?

איזידאָר. נאַ... נאַ...

קסאַוויע. וואָס נאַ !... וויבאַלד דו פֿערדאָפּעלסט דיין
פֿערמעגען... מעגסט דו דאָך אויף דעם חשבון... פֿערדאָפּלען
דיין גוט-האַרציגקייט... וואָס זשע, געשעפֿט איז, הייסט עס, שוין
ניט געשעפֿט ?

איזידאָר. ס׳איז ניט פֿיין פֿון דיר, ווייסט דו. און דו
פֿערשאַפֿסט מיר יסורים דערמיט... צי האָב איך זיך ווען עס איז
גערעכענט מיט דיר ?

קסאַוויע. נאַ... אויף מאָרגען !

א י ז י ד אָ ר. צום ווידערזעהן... נעהם מיך אַרום... (זיי אומ-אַרמען זיך.) און דיין מאַשין?... ביסט נאָך אַלץ צופֿריעדען?

ק ס אַ ו ו י ע. אויסגעצייכענט...

א י ז י ד אָ ר. גיב אַכטונג, מיין יונג... נאָר ניט צו גיך...

ק ס אַ ו ו י ע. זעהסט דו!... פֿינף און פֿופֿציג קילאָמעטער אַ שעה.

א י ז י ד אָ ר. ס'איז צופֿיעל... אַה! כ'האָב פֿיינט אָט די קונץ־שטיק... פֿערגעס אַקאָרשט ניט זיך צוקושען מיט דער מאַ-מען און מיט דיין שוועסטער, איידער דו פֿאָהרסט אַוועק...

ק ס אַ ו ו י ע. און אַשטייגער אַז איך וועל זיך טרעפֿען מיט'ן מלאך... היינט אָבענד... זאָל איך זיך צוקושען מיט איהר אויך?

א י ז י ד אָ ר. נאַ... נאַ... דו שאָלטיק דו... דרך ארץ פֿאַר דיין אַלטען טאַטען... קיין איין וואָרט איהר אויך ניט... מכח די צוויי הונדערט טויזענד...

ק ס אַ ו ו י ע (לאַכט). אַה! פּאַפּאַ...

א י ז י ד אָ ר. צום ווידערזעהן... מאָרגען... מיין יונג...

ק ס אַ ו ו י ע. מאָרגען...

(קסאַוויע געהט אַרויס.)

(איזידאָר געהט אַרום אַ ווײלע פֿערטראַכטערהייט איבער'ן צימער, דאַן געהט ער צו צום שרייב-טיש, וואו ער בלעטערט דורך אַ פּאַק מיט פּאַפּירען. דערנאָך קלינגט ער אָן, אַ משרת פֿיהרט אַריין דעם מאַרקיז פֿון פּאָרסעל'ע.)

## צווייטע סצענע.

### א י ז י ד אָ ר, ד ע ר מ אַ ר ק י ז פֿ ו ן פּ אָ ר ס ע ל ע.

א י ז י ד אָ ר (געהענדיג דעם מאַרקיז אַנטקעגען). הערר מאַרקיז... כ'האָב די עהרע איך צו בעגריס'ען...

ד ע ר מ אַ ר ק י ז (זעהר עלעגאַנט געקליידט, אַריסטאָקראַטישע מאַ-ניערען). ליעבער הערר לעשאַ...

(זיי דריקען זיך איינער דעם אַנדערן די האַנד.)

איזידאָר. ענטשולדיגט וואָס איך האָב אייך געלאָזט וואַרטען...

דער מאַרקיז. ס'מאַכט ניט... ס'מאַכט ניט...

איזידאָר (רוקט צו אַ פֿאָטעל). בעמיהט זיך אַנידערצוזעצען.

דער מאַרקיז. מערסי...

איזידאָר. אַ ציגאַר... (דער מאַרקיז ענטזאַגט, אַ מאַך געבענדיג מיט דער האַנד.) אַ גלאָז פּאָרט־ווײַן?...

דער מאַרקיז. מערסי... ניט נייטיג...

איזידאָר (זעצט זיך אַנידער ביים שרייב-טיש). אַה, הערר מאַרקיז... שוין אַ לאַנגע צייט, אַז איך האָב ניט געהאַט די עהרע אייך צו האָבען ביי מיר צו גאַסט... מען איז, דוכט זיך, שכנים... מען איז אין פֿריינדליכע בעציהונגען... און ס'איז מערקווירדיג... מען זעהט זיך אַזוי זעלטען... אַלע דריי יאָהר אַמאָל...

דער מאַרקיז. מיין גאָט! איהר ווייסט דאָך... די טויזענדער שטערונגען... די טויזענדער זאָרגען פֿון לעבען... מען איז ניט אימער ביי זיך אין די הענד...

איזידאָר. מיר דאַרפֿט איהר דאָס ניט דערצעהלען...

דער מאַרקיז. און אַחוץ דעם... בין איך די לעצטע צייט געווען שטאַרק פֿערנומען מיט מיין זוהן, וועלבער איז צוריקגעקומען פֿון זיין רייזע...

איזידאָר. איהר וואָלט איהם געדאַרפֿט גאָר אָהן צערעמאָניעס מיטברייגגען מיט זיך... איך וואָלט זיך געשעצט גליקליך צו זעהן אַן אויספֿאָרשער... א מוטהיגען חבר פֿון דעם פּרינץ פֿון אָרלעאַנס...

דער מאַרקיז. ער איז איצט ביי מיין מוהמע סאָמברעז... אין פּעריגאָר...

איזידאָר. אַה!... (פּויזע.) און ער איז צופֿריעדען פֿון זיין רייזע?... ס'איז ניט געווען צו ערמיעדענד?... ער האָט ניט געליטען פֿון פֿיבער?...

דער מאַרקיז. גאָרניט... ער איז צוריקגעקומען אַ בעז־גייסטערטער פון טאַנקין... ער זאָגט, אַז עס איז אַן אויסגעצייכענט לאַנד צום יאַגד...

איזידאָר. אַה!...

דער מאַרקיז. יאָ... ווי עס ווייזט זיך אַרויס איז די יאַגד אויף די פּאַוועס, איבערהויפּט, זעהר אַמוזירענד.

איזידאָר. אַה! אַה!...

דער מאַרקיז. געפעהרליך... אָבער טאַקי מחמת דעם אַליין נאָך אַמוזירענדער...

איזידאָר. וואָס זשע, זיי זיינען, הייסט עס, ווילד... די פּאַוועס... דאָרט?

דער מאַרקיז. ניט די פּאַוועס, נאַטירליך... נאָר די טי־גערן... וואָרים מען געפינט די פּאַוועס בלויז אין די וועלדער, וואָס זיינען פול מיט טיגערן... אין טאָנקין איז שוין אַזוי... דאָרט וואו עס זיינען דאָ הירשען, זיינען דאָ טיגערן... און דאָרט וואו עס זיינען דאָ טיגערן, זיינען דאָ פּאַוועס...

איזידאָר. ס'איז מערקווירדיג.

דער מאַרקיז. ניט אמת?... ראָבערט זאָגט, אַז עס איז אַ פערגניגען צו הרג'ענען די פּאַוועס...

איזידאָר. איך גלויב עס איהם... אַה! ס'איז שעהן אַרומ־צופאָהרען איבער דער וועלט... ניטאָ קיין בעסערע זאַך פון די רייזען... דאָס ענטוויקעלט דעם גייסט פון אַ יונגען מענשען...

דער מאַרקיז. און ווידער... איז דאָס אַ גוטער צייט־פערטרייב... ס'איז אָפּטמאָל ווייניגער געפעהרליך אַרומצוגעהן איבער די וויסטע פעלדער פון אינדאָ־כינאַ, איידער אין די פּאַריזער סאַלאָנען...

איזידאָר. איהר זייט גערעכט... וואָרים דאָרט וואו עס זיינען דאָ סאַלאָנען... זיינען דאָ פרויען... און דאָרט וואו עס זיי־נען דאָ פרויען... זיינען דאָ...

דער מאַרקיז. אונשולדיגע טייבעלאַך...

(זיי לאַכען.)

איזידאָר. אָדער קראָליקעס... (זיי לאַכען.) זיי זיינען ניט אַזוי געפֿעהרליך ווי די טויבען...

(זיי זעהען איצט אויס זעהר בעקוועם, זעהר צוטרוייליך איינער צום צווייטען.)

דער מאַרקיז. נו, מיין ליעבער הערר לעשאַ... איך בין ווירקליך זעהר גליקליך אייך צו זעהן... (פּויזע.) זעהר גליקליך... (נאָך אַ פּויזע.) אויסער דעם פֿערגניגען, וואָס אָט דער בעזוך פֿערשאַפֿט מיר...

איזידאָר. איהר קענט זאָגען: אונז... הערר מאַרקיז...

דער מאַרקיז (בעדאַנקט אויף'ן וואונק). האָב איך געוואָלט ריידען מיט אייך וועגען אַ גאַנץ נייטיגען ענין...

איזידאָר. צו דיענען... הערר מאַרקיז...

דער מאַרקיז. אָט וואָס... (ער טהוט זיך אויס די האַנד-שוה.) די ליקווידירונג פֿון דעם האָלץ-הענדלער גאַסלען...

איזידאָר. כ'וויים... כ'וויים...

דער מאַרקיז. געהט צו גאַנץ לאַנגזאַם... דער נאָטאַריוס שרייבט מיר זאָגאַר, אַז צום בעדויערן דאַרף איך ווינציג וואָס ערוואַרטען דערפֿון...

איזידאָר. גאָרנישט, הערר מאַרקיז...

דער מאַרקיז. אַה!... ס'איז אויך אייער מיינונג?...

איזידאָר. יאָ...

דער מאַרקיז. דאָס האָב איך אויך מורא געהאַט... (פּויזע.) אַ גרויסער פֿערלוסט פֿאַר מיר... דאָס דריקט מיך שטאַרק צו. כ'האָב גראָד גאַנץ שווערע חובות צו בעצאָהלען... און קיין געלד איז ניטאָ... יאָ... איך בין זעהר פֿעראייננגט... שטאַרק, שטאַרק פֿעראיינגט... איך קום אייך אַלזאָ בעטען, איהר זאָלט מיר אַנטלייהען נאָך צוויי הונדערט טויזענד פֿראַנק...

איזידאָר (זעהר רוהיג). מיר וועלען זעהן... הערר מאַרקיז... מיר וועלען זעהן...

דער מאַרקיז. איהר קענט גאָר ניט וויסען וואָס פֿאַר אַ טובה איהר וואָלט מיר געטהאָן, ליעבער הערר לעשאַ...

א י ז י ד אָ ר. זעה נאַר... צופּעליגערווייזע האָב איך דאָ גראָד פּאַר מיר אייערע פּאַפּירען... (מיט אַ גוטער מיענע.) מיר וועלען באַלד זעהן... (ער בלעטערט שנעל דורך די פּאַפּירען.) פיער וועקסלען צו צוויי הונדערט טויזענד פראַנק... נאָך איינער פון פיער הונ־דערט טויזענד... איז צוועלף הונדערט טויזענד... די פינף פּראָצענט, וואָס איז ניט געצאָהלט געוואָרען זינט צוויי יאָהר... דרייצעהן הונדערט צוואַנציג טויזענד... ס'איז ריכטיג?...

ד ע ר מ אַ ר ק י ז. גאַנץ ריכטיג...

א י ז י ד אָ ר. יאָ... יאָ... (מיט'ן קאָפּ אויפגעהויבען צו דער סטעליע, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס בערעכענט.) נאַ... איך בעדויער זעהר, הערר מאַרקיז... נאָר דאָס מאָל... אונמעגליך.

ד ע ר מ אַ ר ק י ז. איהר ענטזאָגט?...

א י ז י ד אָ ר. טהוט מיר לייד... נאָר איך ענטזאָג...

ד ע ר מ אַ ר ק י ז. פונדעסטוועגען... איך בין דאָך גרייט אייך צו געבען די בעסטע גאַראַנטיען...

א י ז י ד אָ ר (מיט אַ קרומער מיענע). וואָס זשע... ווידער אייער ערד?...

ד ע ר מ אַ ר ק י ז. וואָס פאַר אַ בעסערע גאַראַנטיע ווילט איהר?

א י ז י ד אָ ר. אָבער אייער ערד איז שוין פער'משכון'ט אויף אַסך מעהר... ווי זי האָט די ווערטה...

ד ע ר מ אַ ר ק י ז. ענטשולדיגט...

א י ז י ד אָ ר. אייער ערד איז זעהר שלעכט בעאַרבייט... זעהר פערנאַכלעסיגט... די פאַרמעס טויגען ניט... איהר האָט אויסגע־האַקט אַלע אייערע וועלדער... אַז איך וועל דערפון אַרויסנעהמען אַ מיליאָן... וועל איך נאָך אויך גוט אָבשניידען...

ד ע ר מ אַ ר ק י ז (מיט אימפעט). וואָס הייסט... אַז איהר וועט דערפון אַרויסנעהמען?...

א י ז י ד אָ ר. אַה!...

(אַ קורצעס שטילשווייגען.)

דער מאַרקיז. אָבער, מיין הערר... איך קען אייך געבען אַנדערע גאַראַנטיען... קודם כל... מיין נאָמען...

איזידאָר. כ'ווייס וואָס ער איז ווערטה... און איך קען איהם שעצען... אָבער מיר ווייסען ניט פֿון די זאַכען... אין געשעפֿט...

דער מאַרקיז. און דאַן... האָב איך דאָך מיין טהייל... אין דער ירושה פֿון מיין מוהמע סאָמברעז...

איזידאָר. פֿאָלג מיר אַ גאַנג!...

דער מאַרקיז (מיט בעטאָנונג). דריי און אַכציג יאָהר!...

איזידאָר. אָה!... די ירושות וואָס דאַרפֿען קומען... און די צייט לויפֿט דערווייל...

דער מאַרקיז (אַביסעל דערשלאָגען, נאָר דאָך שטאָלץ ביי זיך). גוט, מיין הערר... (ער הויבט זיך אויף.) איך מוז אייך אַלזאָ בעטען ענטשולדיגונג, וואָס איך האָב געשטערט...

איזידאָר. הערר מאַרקיז... טהוט מיר די געפֿעליגקייט... און זעצט זיך אַנידער...

דער מאַרקיז. אָבער...

איזידאָר. איך בעט אייך!... (דער מאַרקיז זעצט זיך צוריק אויף זיין פּלאַץ; — אַ קליינע פּויזע.) הערר מאַרקיז... כ'האָב אייך ליעב... איך... איהר געפֿעלט מיר זעהר... און איך וואָלט אייך געוואָלט אַרויסשלעפּען פֿון דער מורא'דיגער לאַגע, אין וועלכער איהר געפֿינט זיך...

דער מאַרקיז. מורא'דיגער לאַגע... אָה!...

איזידאָר. ריכטיג גערעדט... פֿון דעם אונטערגאַנג...

דער מאַרקיז (זיך מאַכענדיג האַרץ). גאָט!... ווי איהר שפּאַרט עס אַביסעל אָן... מיין ליעבער הערר לעשאַ...

איזידאָר. אומזיסט וואָס איהר בעהאַלט זיך פֿאַר מיר, הערר מאַרקיז... איך קען אייער לאַגע אַזוי גוט ווי איהר... איך קען זי בעסער ווי איהר...

דער מאַרקיז. מיין לאַגע, ווי איהר זאָגט, איז ניט זעהר

ברילי‌אַנט... אין דער מינוט... זי איז אָבער אויך ניט אַזוי מורא'-דיג ווי איהר שטעלט זיך פֿאָר.

איזידאָר. יאָ, הערר מאַרקיז, יאָ... זי איז דאָס... (מיט אַ לייכטער איראָניע.) און... כ'לעבען!... איך קען אייך מודה זיין וואָס עס איז... שוין אַ היבשע צייט, אַז איך טראָג זיך אַרום מיט דער אידעע צו פֿעראייניגען מיט דער ערד פֿון וואָפּערדי... די ערד פֿון פּאָרסעלע... (דער מאַרקיז ווערט אויסער זיך.) נו יאָ... ס'איז איינער פֿון מיינע טרוימען... וואָס פֿאַר אַ גוט דאָס וואָלט געווען, הערר מאַרקיז! (אַ קליינע פּויזע.) אָט דעם חלום מיינעם... (ער ווייזט אויף די אָפֿענע פּאַפּירען, וואָס ליגען אויף'ן טיש.) כ'קען איהם פֿערווירק-ליכען מאָרגעדיגען טאָג... (מיט אַ האַרטען טאָן.) אַז איך וויל... (ער ווערט צוריק גוטמוטהיג.) אָבער איהר געפֿעלט מיר זעהר... און איך פֿרעג זיך, צי עס וואָלט ניט גלייכער געווען... איידער קומען צו אַזעלכע מאַסרעגלען, וואָס וואָלטען געווען גאַנץ ביטער פֿאַר אייך און פֿאַר מיר גאַנץ אונאַנגענעהם, נאָך אַלעמען... ניט קוי-קענדיג אויף מיין טרוים... איך פֿרעג זיך, צי מיר דאַרפֿען ניט אויסזוכען עפּעס אַ מיטעל זיך צו פֿערגלייכען... ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזעלכע בראַווע לייט ווי מיר זיינען...

דער מאַרקיז (פֿאַרזיכטיג). מיין גאָט!... איך בין גאָר ניט דאַגעגען...

איזידאָר. דאָס ווענדט זיך אָן אייך...

דער מאַרקיז. וואָס לייגט איהר מיר פֿאָר?...

איזידאָר. אַ וואונדערבאַרע קאָמבינאַציע, הערר מאַרקיז...

דער מאַרקיז. לאָמיר הערען...

איזידאָר. נאָר אָט וואָס... איהר זייט אַ מאַן מיט פּרינ-ציפּען... מיט גרויסע פּרינציפּען... איהר זייט לחלוטין ניט אין דער מאָדערנער בעוועגונג... איהר האַלט זיך פֿעסט אָן די אַלטע אידעען פֿון דער פֿערגאַנגענהייט... און... ערלויבט מיר דאָס וואָרט... אָן אַלע מינים פֿאָראורטהיילען... וואָס האָבען קיין שום האַפֿט ניט היינט צו טאָג... איהר זייט ריטערליך... דאָס איז

אמת... נאָר גאָר ניט פּראַקטיש... און דאָס איז אַ גרויסער שאָד!...

דער מאַרקיז (מיט אַ בעליידיגטען שטאָלץ). דאָס וואָס מיר זיינען געבליבען ווייניג פּראַקטיש אין אַ געזעלשאַפט, וועלכע איז שוין געוואָרען צו פּראַקטיש?... אָבער דאָס איז דאָך טאַקי די איצטיגע עקזיסטענץ-בערעכטיגונג פון'ם אַדעל און ס'איז אויך זיין שטאָלץ...

איזידאָר. ס'איז זיין טויט!...

דער מאַרקיז (מיט'ן זעלבען טאָן). אויך די אייגענע מעשה!... ביי אונז, מיין העררע, קומט די עהרע פאַר'ן אינטע־רעס...

איזידאָר. ווידער אַמאָל די עהרע!

דער מאַרקיז. וואָס האָט איהר געזאָגט?...

איזידאָר. גאָרנישט... פּאַרדאָן... כ'האָב זיך דערמאָנט אָן מיין זוהן... אַ קליינע צוזאַמענטרעפונג...

דער מאַרקיז (אַביסעל אויפגערוימטער). פערשטעהט זיך, אין פּאָליטיק און דער עיקר אין רעליגיאָן... האָב איך גאַנץ פעסטע פּרינציפּען... פּרינציפּען, וועלכע איך וועל קיינמאָל ניט אַריבערטרעטען... נאָר פונדעסטוועגען פערדאַם איך ניט צוליעב דעם יעדען סאָרט פּראָגרעס. איך האַלט, אַסך מעהר ווי איהר שטעלט זיך פאָר... פון געוויסע סאָציאַלע רעפאָרמען... פון גע־וויסע נייע זאַכען... אַבי זיי זאָלען נור ניט אַטאַקירען דעם אידעאַל, וואָס איך האָב מכח'ן לעבען...

איזידאָר. נו יאָ... נאָר אָט וואָס... זיי אַטאַקירען איהם גראָד יאָ... און גאַנץ אָפט...

דער מאַרקיז. אָבער לאָמיר פאָרט הערען... וואָס איז דאס פאַר אַ קאָמבינאַציע?

איזידאָר (נאָך אַ קליינער פויזע). כ'לעבען, העררע מאַרקיז... איהר האָט מיך אַביסעל אַראָבגעשלאָגען פון מוטה... מיט אייערע גרויסע ווערטער... די עהרע!... די עהרע!... נו, אַודאי... אָבער יעדער איינער פאַסט אויף די עהרע אויף זיין שטייגער... און איך

האָב שטאַרק מורא, אַז אייערער איז ניט מיינער... ניין, זעהט איהר... כ'האָב בדעה זי גאָר אויפגעבען, אָט די קאָמבינאַציע, וועגען וועלכער איך האָב נאָר וואָס געטראַכט...

דער מאַרקיז. ערקלעהרט זי דאָך...

איזידאָר. נאָך וואָס?

דער מאַרקיז. אָט אַפנים ס'מוז זיין עפּעס שרעקליכעס?...

איזידאָר. ס'איז אַ געשעפט...

דער מאַרקיז. איז וואָס? מיר קענען זיך דאָך דורכשמועסען... דאָס בינדט דאָך ניט צו צו קיין זאַך...

איזידאָר. נאַ, הערר מאַרקיז... אַז איהר ווילט ניט אַנדערש... (פּויזע.) כ'בין ניט קיין דיפּלאָמאַט... איך... איך קען ניט די אַלע קונץ־שטיק... די אומוועגען... דאָס ריידען אויף'ן וואונק... איך געה גלייך צו דער זאַך... און איך שפּיעל מיט אָפענע קאָרטען... אין צוויי ווערטער... איהר האָט אַ זוהן... אַ רואינירטען... איך האָב אַ טאָכטער, זעהר אַ רייכע... אַ מורא'דיג רייכע... (פּויזע.) לאָמיר זיי חתונה מאַכען...

דער מאַרקיז (כאַפּט זיך אויף פון פלאַץ). וואָס זאָגט איהר?

איזידאָר. לאָמיר זיי חתונה מאַכען... און אַזוי ווי איך קען אויך ברייננען מיינע אָפּפער... גיב איך אייך אַרויס אַ קבלה אויף אייערע דרייצעהן הונדערט צוואַנציג טויזענד פראַנק... און איהר ווערט צוריק דער בעל הבית פון פאָרסעלע... (פּויזע.) אָבער וואָס שטעהט איהר?... זעצט זיך אַנידער, הערר מאַרקיז. (דער מאַרקיז זעצט זיך צוריק אַנידער.) איהר זעהט, אַז איזידאָר לעשאַ... אָט די קאַנאַליע לעשאַ... ווי מען זאָגט... ווייסט אַמאָל זיך אויפצופיהרען... ווי אַן אמת'ער דזשענטעלמאַן...

דער מאַרקיז (ריידענדיג צו זיך אַליין). ס'איז אונמעגליך... (פּויזע.) איהר מיינט עס ניט ערנסט?

איזידאָר. פאַרדאָן... כ'מיין עס גאַנץ ערנסט... און איך מיין אויך צו געבען מיין טאָכטער אַ קאַפּיטאַל, וואָס זאָל איהר איינטראָגען צוויי הונדערט פופציג טויזענד פראַנק אַ יאָהר... דער קרן בלייבט ביי מיר... ער איז אַ סך זיכערער ביי מיר אין די

הענד ווי ביי איהר... וואָרים דער קאַפּיטאַל קען מיך... און ער אַמוזירט זיך מיט מיר...

(ער לאַכט.)

דער מאַרקיז. הייסט עס... ס'איז אַן איינפאַכער האַנדעל?

איזידאָר. ס'איז אַ געשעפט...

דער מאַרקיז. איהר ווילט מיך קויפען... זאָגט עס אַרויס אָפען... מיך קויפען?

איזידאָר. אַה! אָט האָסט דו דיר שוין ווייטער די גרויסע ווערטער... אָבער ניין... הערר מאַרקיז... כ'וויל אייך ראַטעווען פון'ם אונפערמיידליכען אונטערגאַנג... נו, וואָס דען... איהר וועט דאָך זיין גוט אָב, אַז איהר וועט דאַרפען פערלאָזען אָט די שעהנע ערד פון פּאָרסעלע... מאַכען אַ תל פון אייער גאַנצען גלענצענדען שטאַט, וואָס איהר האָט ביז אַהער געפיהרט... פערבאָדען פון קאָפּ ביז די פיס אין חובות... אַרומגעיאָגט ווערן פון איין געריכטס-הויז אין אַנדערן און פערפאַטשקען אייער בעריהמטען טיטול... איהר וועט זיך נאָך מעגען שעצען גליקליך, אויב איהר וועט דערנאָך, אין אייער עלענדער לאַגע, געפינען אַ פלאַץ אַלס אויפ-זעהער... אַזוי ווי דער אַלטער אונטער-גראַף פון פאָנטענעל... ביי אַ בראַווען מאַן ווי איך... נישקשה, איך ווייס וואָס דאָס הייסט אַזוינס... איך בין צוויי מאָל רואינירט געוואָרען... ס'איז גאָר ניט קיין מאכל... נאָר איך... איך האָב אַן אויסוועג... איהר... איהר האָט בלויז פּרינציפּען... אַ גאַנץ מאָגערעס מיטעל, איהר מעגט מיר גלויבען... געגען אַזעלכע אונגליקען...

דער מאַרקיז. מיך קויפען!... מיך!...

איזידאָר. ווידערהאָלט ניט כסדר דיזעלבע זאַך... איך קויף ניט... כ'טויש אוים... געשעפט איז אויסטויש... מען טוישט אוים געלד... ערד... מיטלען... שטים-צעטלען... אינטעליגענץ... שטעלעס... ליעבע... זשעניע... מען טוישט אוים דאָס וואָס מען האָט אויף דאָס וואָס מען האָט ניט... ניטאָ קיין פערנינפטיגערע... און זייט זיכער... אויך קיין אָנשטענדיגערע זאַך דערפון...

דער מאַרקיז (אַביסעל ווייכער). אָבער... מיין זוהן האָט גאָר ניט בדעה חתונה צו האָבען...

איזידאָר. נו יאָ... איך וויים עס גאַנץ גוט... מען האָט ניט בדעה צו טהאָן אַ זאַך... און דערנאָך טהוט מען עס פּאָרט... אונפּאָראויסגעזעהענע אומשטענדען, די נויטווענדיגקייט פון'ם לע־בען בעזיעגען אָפּטמאָל די בעסט־געפּאַסטע בעשליסע... אַה! הערר מאַרקיז... ווען איהר וואָלט מיך געוואָלט פאָלגען... וואָס פאַר גרויסאַרטיגע... וואָס פאַר גלענצענדע געשעפטען... מירביידע!... אַה! צום טייוועל!... און נאָך עפּעס... דער פּאַלאַץ פון פּאָרסעלע... אָט דער וואונדערבאַרער פּאַלאַץ, וואָס אייער זעליגער ברודער האָט נאָך'ן קראַך פערקויפט צו פּרינץ קאַרט־דאָוו... וועט ווידער ארויסגעשטעלט ווערן צום פערקויף... אין עטליכע מאָנאַטען אַרום...

דער מאַרקיז. אַה!...

איזידאָר. וואָס זשע, איהר האָט עס ניט געוואוסט?...

דער מאַרקיז. כ'האָב קיין אַהנונג ניט געהאַט...

איזידאָר (מיט אַ שמייכעל). זעהט איהר... דאַרף איך זיך גאָר אָבגעבען דערמיט... און אייך בעקאַנט מאַכען מיט די פאַ־מיליען־אַנגעלעגענהייטען אייערע... אָט דעם פּאַלאַץ וואָלט איך געקענט אָבקויפען און איהם אַוועקגעבען ווי ער שטעהט און געהט... שטיינער, מעבעל און אַלע קונסט זאַכען... מיין טאָכטער אין נדן אַריין... אַן אמת'ע קעניגליכע מתנה!... און וואָס וואָלטען מיר ניט געקענט טהאָן?... פעראייניגט דורך בלוט־פערוואַנדשאַפט... און דורך אונזערע געמיינשאַפטליכע אינטערעסען... וואָלטען מיר געקענט גאַנץ איינפאַך איננעהמען די גאַנצע וועלט... (אַ קליינע פּויזע, דער מאַרקיז איז אַלץ פערטראַכט.) און מערקט אייך, אַז אין דעם דאָזיגען אויסטויש, וואָס מיר מאַכען... גיט איהר אַזויפיעל וויפיעל איך גיב... בכן, זיינען מיר גלייכע יחסנים... און נאָך מעהר... אַז מען זאָל אָבשאַצען אין געלד דאָס, וואָס איהר לייגט אַריין אין געשעפט, און דאָס דאַרף מען קיינמאָל ניט פערגעסען, וואָרים אַלעס האָט אַ געוויסען געלד־ווערטה... איז אייער בייטראָג

אפשר נאָך גרעסער ווי מיינער... אַ פּראָסטער חשבון, וואָס דאַרף בערוהיגען אייער געוויסען... (דער מאַרקיז שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.) אלזאָ... אויב אימיצער פון אונז איז געקויפּט אין דעם דאָזיגען געשעפט... איז דאָס ניט איהר... נאָר איך... (דער מאַרקיז קוקט אָן לעשאַ'ן מיט אַן אויסדרוק פון וואַקסענדער שטוינונג.) נו יאָ, ס'איז דאָך קלאָהר ווי דער טאָג... ראשית, האָט איהר זעהר אַ גרויסען איינפלוס אויף דעם גענעראַל בראַגאַר... אייער שוועסטער־קינד... וועלכער וועט אין גיכען ווערען שעף פון'ם גענעראַל־שטאַב... איך ווייס עס...

דער מאַרקיז. איהר ווייסט, הייסט עס, אַלצדינג?

איזידאָר (בעשיידען). ס'איז מיין פאַך, הערר מאַרקיז... אָט דעם איינפלוס אייערן דאַרף איך נייטיג האָבען... צו קריגען די פּראָטעקציע פון'ם גענעראַל... אין אַ ריעזען געשעפט, וואָס ווענדט זיך אַביסעל אָן איהם... און אין וועלכען איהר וועט, פערשטעהט זיך, האָבען אַ חלק... (מיט צוטרויליכקייט.) איך האָב דאָ געוויסע פּראָיעקטען פון נאַציאָנאַלער וויכטיגקייט... וועלכע דער גענעראַל וועט, מיין איך, אונטערשטיצען... וואָרים... איהר צווייפעלט דאָך ניט, אַז איך בין אַ גוטער און אַן אויסגעצייכענטער פּאַטריאָט?... (מיט היץ.) אַלץ וואָס איהר ווילט... נאָר אַ פּאַטריאָט!... נאָר מיר וועלען נאָך ריידען מכח דעם... (פּויזע.) איהר האָט אויך...

דער מאַרקיז. וואָס נאָך?...

איזידאָר. איהר האָט אויך אַן איינפלוס ביי די וואַהלען... ניט קיין זעהר גרויסען... נאָר דאָס מאָל האָב איך בדעה גאָרנישט צו פערנאַכלעסיגען... אָט דעם איינפלוס וועט איהר דאָך, נאַטיר־ליך, אויסניצען פאַר מיר... (דער מאַרקיז שפּרינגט אויף.) ניט עפענט־ליך... פערשטעהט זיך... כ'פערלאַנג ניט פון אייך קיין אַפּישען... אויך ניט צו געהן אין די גאַסען און אין די שיינקען, שרייען: „שטימט פאַר איזידאָר לעשאַ!"... ניין... דאָס געוויס ניט!... אַ שטילע, בעהאַלטענע טהעטיגקייט... אָט וואָס ס'איז נייטיג... איך וועל אייך שוין זאָגען, ווי אַזוי עס דאַרף צוגעהן... אויסגעקליבען פון'ם רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט פון פּאַריז...

אונטערשטיצט אין געהיים פֿון דער רעגירונג און פֿון אַ פֿראַקציע פֿון דער פּאַרטיי ראָיאַליסטען־באָנאַפּאַרטיסטען־נאַציאָנאַליסטען־קלעריקאַלען... איז מיין ערפֿאָלג געזיכערט...

דער מאַרקיז. אַלזאָ, מיין הערר... ניט נור מיין נאָמען קויפֿט איהר... נאָר מיין פּערזענליכען איינפֿלוס... מיין פּאָליטישען איינפֿלוס און וואָס נאָך?

איזידאָר. בנאמנות... איהר מאַכט מיר שווער דאָס האַרץ, הערר מאַרקיז... איהר טייטשט כסדר אויס די זאַכען אין אַן איבערטריבענעם ברוטאַלען זינן... און איהר מאַכט שווער... אויב ניט גאָר אינגאַנצען אונמעגליך... אַ פּלאַן, וואָס איך וואָלט געוואונשען דורכצופֿיהרען, דאָס איז אמת... אָבער וועלכען איך קען צו יעדער צייט אויפֿגעבען אָהן אַ שום האַרצווייטאָג... מעגט איהר מיר גלויבען... (מיט בעטאָנונג.) בפרט נאָך אַז איך קען האָבען עפּעס, מיט וואָס זיך צו טרייסטען... די ערד פֿון פּאָרסעלע... מיין טרוים...

(אַ קורצעס שטילשווייגען.)

דער מאַרקיז. אָבער מיין הערר... אויב איך האָב קיין טעות ניט, שטעלט איהר זיך דאָך אַרויס אַלס קאַנדידאַט מיט אַ סאָציאַליסטישען... אַנטי-קלעריקאַלען פּראָגראַם... געגען דעם הערצאָג פֿון מאָזשי... וועלכער איז מיין פֿריינד... און מיט וועמען איך געה זיך צונויף אין אַלע זיינע אידעען...

איזידאָר. די פּראָגראַמען!... (גיט אַ מאַך מיט דער האַנד, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס אַוועקגעוואָרפֿען.) קוים איז מען ערוועהלט... זיינען די פּראָגראַמען וויית... און זיי לויפֿען נאָך...

דער מאַרקיז. גאַנץ מעגליך... ס'איז אָבער אויך אמת, אַז איהר שטעלט זיך אַרויס אַלס ביטערער, פֿערביסענער שונא פֿון דער קירכע?...

איזידאָר. פֿערביסענער?... ס'איז מיר אַ חידוש אויף אייך, הערר מאַרקיז... איהר זאָלט עס ניט פֿערשטעהן!... די איבערצייגונגען זיינען צייטענווייז פֿעסט, פֿערביסען... נאָר די געשעפֿטען, קיינמאָל ניט... און אפילו אַז יאָ?... (ער הויבט זיך אויף און געהט

אַרום איבער׳ן צימער, צוקאָכט.) מיינט איהר מיר טאַקי צו זאָגען, אַז מיין סאָציאַליסטישע, אַנטי־קלעריקאַלע קאַנדידאַטור וועט דער קירכע ניט זיין אַנגענעהמער, איידער די קאַנדידאַטור פון אייער פריינד, דעם הערצאָג פון מאָזשי, מיט זיין גלויבען אין ניסים... און זיינע תפלות צו דער יונגפרוי און צו די הייליגע?...

דער מאַרקיז (איראָניש). דער שטאַנדפּונקט איז שפּאָגעל-ניי...

איזידאָר. ער איז אַלט ווי די וועלט, הערר מאַרקיז... וואָס שטעלט ער מיט זיך פאָר, דער הערצאָג?... ווילט איהר מיר עס זאָגען?... די פערגאַנגענהייט, דאָס הייסט שטויב... אַן אונבעוועגליכען שטאָף... אַ טויטע מאַסע... די קירכע?... וואָס ווילט איהר... ס׳איז איהר שוין נמאס ומאוס געוואָרען צו שלעפּען אויף די פּלייצעס אַן אָבגעפאָהרענעם, אויסגעשפּיעלטען אַדעל... וואָס ליגט איינגעזאַלצען אין זיינע אַלטע, פערשימעלטע פאָראורטהיילען און רעדט כסדר פון עהרע... וואָס נעהמט ניט קיין שום אָנטהייל אין קיין זאַך, וואָס לעבט און שאַפט... אַן אַדעל, וואָס האָט אויף אַ נאַרישען אופן בּיסלאַכווייז פערלאָרען זיינע שטיקער ערד, זיינע פּאַלאַצען... זיין איינפלוס... זיין טהעטיגקייט... און וואָס... אָנשטאָט צו דיענען דער קירכע, פערלאָזט ער זי יעדען טאָג אַלץ מעהר דורך זיין פערהאַסטקייט און זיין שוואַכקייט...

דער מאַרקיז (מיט אַן ערנסטען געלעכטער). אַה! אַה! אַה!...

איזידאַר. נו יאָ, הערר מאַרקיז... אָט אַזוי איז דאָס!... די קירכע געהט מיט מיט דעם מאָדערנעם שטראָם... ניט נור אַרבייט זי ניט געגען איהם, נאָר זי טרייבט איהם אָן... און זי פערשפּרייט איהם איבער דער גאַנצער וועלט... זי האָט אַ וואונדערבאַרען כח צו פערשפּרייטען און צו פערוואַנדלען די זאַכען... אַ קראַפט צו הערשען, וואָס איז בערעכטיגט, מחמת זי אַרבייט אָהן אויפהער... מחמת זי טרייסעלט פונאַנדער די מענשען... דאָס געלד... די אידעען... און צוגראָבט יעדען ניט־בעאַרבייטען

באָדען... זי איז איבעראַל היינט צו טאָג... זי טהוט אַלעס... זי איז אַלעס... זי האָט גאָטעס־הייזער, וואו זי פערקויפט דעם גלויבען... וואונדערליכע קוואַלען, וואו זי גיסט פונאַנדער דעם אַבערגלויבען אין פלעשער... שטוהלען צום איספּאָוועדעווען זיך, וואו זי טהיילט אויס אילוזיעס און גליק אויף׳ן קווינט און אויף׳ן לויט... זי האָט קליימען פול מיט סחורה... באַנק־הייזער פול מיט גאָלד... קאָנ־טאָרען, פאַבריקען, צייטונגען און... רעגירונגען, וועלכע זי האָט ביז אַהער פערשטאַנען צו מאַכען פאַר איהרע געהאָרכזאַמע אַגענטען און איהרע אונטערוואָרפענע טעלער־לעקער... איהר זעהט, אַז איך וויים, ווי אָבצושאַצען איהר ווערטה...

דער מאַרקיז (איראָניש). איהר זייט גרויסאַרטיג! איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז איהר האָט אַזאַ רעדנער־קראַפט...

איזידאָר. כ׳קוק מיט אָפענע אויגען, דאָס איז אַלעס!... אַמאָל פלעגט זי איהרע פריצים געבען דאָס שווערד אין דער האַנד און זיי אַרויסשיקען אין דער מלחמה שלאַכטען און זיך לאָזען שלאַכטען פון איהרעטוועגען... האָט אָבער די מלחמה איבערגע־בימען איהר פאָרם... דערפאַר האָט זי געביטען איהרע כלי־זין... מיט דעם אַרבייטס־אינסטרומענט און מיט געלד שלאָגט מען זיך היינט צו טאָג... און דער אַדעל האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן ניט מיט׳ן אינסטרומענט, ניט מיט׳ן געלד... נו... האָבען מיר עס אויפגעהויבען...

דער מאַרקיז. אין דער בלאָטע און אין בלוט...

איזידאָר. דאָס וואַשט זיך אָב... אַלצדינג וואַשט זיך אָב... אפילו אייערע שילדען, אייערע טיטולען אויך... (פויזע.) פערשטעהט דאָך, אַז בלויז אין אַזעלכע מענשען ווי איך בין זוכט די קירכע און געפינט איהרע נאַטירליכע פריינד... די קירכע און איך... מיר זיינען פון איין און דערזעלבער ראַסע, הערר מאַרקיז... אָבער דער אַדעל... ער איז טויט... ער איז טויט, מחמת ער האָט פערלייקענט דאָס ערשטע געזעץ פון לעבען: די אַרבייט... דאָס הייסט די עקספּלואַטאַציע פון אַלע כוחות, וואָס געפינען זיך אין לעבען... און דערפאַר וואָס די קירכע וואַרפט אייך פון צייט צו

צייט צו עטליכע מאָגערע ברעקלאַך, און זעצט אייך אַמאָל אַריין אין איהרע פֿערוואַלטונגס־ראַטהען, פונקט ווי דער שטאַאַט זעצט אַריין די אלמנות פֿון זיינע געפֿאַלענע סאָלדאַטען אין די טאַבאַק־קלייטען, וואָס ער האַלט אין מאָנאָפּאָל... דערפֿאַר האָט איהר נאָך קיין רעכט ניט זיך צו האַלטען פֿאַר לעבעדיגע מענשען!...

דער מאַרקיז. אָבער מיין העררר... אויב איך בין אַזוי טויט ווי איהר זאָגט... נאָך וואָס זשע דאַרפֿט איהר מיך?

איזידאָר. דאָס איז מיין עסק...

דער מאַרקיז. אָבער ניט מיינער...

איזידאָר. ווי איהר ווילט זיך... נאָר איהר בעגעהט אַ פֿעהלער דערמיט...

דער מאַרקיז. כ׳מיין, איהר ערוואַרט דאָך ניט פֿון מיר, איך זאָל פֿערענטפֿערן די קירכע געגען די מאָדנע בעשולדיגונגען, וואָס איהר וואַרפֿט אויף איהר אַרויף און וואָס ריהרען זי אפילו ניט אָן...

איזידאָר. איך בעשולדיג זי ניט... אַדרבה, איך הויב זי אויף!... (ציהענדיג מיט די אַקסלען.) איהר ווייסט דאָך אפילו ניט וואָס די קירכע איז אַזוינס...

דער מאַרקיז. אויב די קירכע וואָלט געווען עהנליך צו דעם בילד, וואָס איהר האָט נאָר וואָס געצייכענט וועגען איהר... וואָלט איך, כ׳לעבען, בעסער געוואָלט זי גאָרנישט קענען... און איך בין שטאָלץ, מיין העררר, וואָס איך בעלאַנג צו דעם דאָזיגען אַדעל, וואָס איהר האָט אַזוי שטאַרק פראָקלאַמירט זיין אונטער־גאַנג, גראָד אין דעם מאָמענט, ווען ער הויבט אָן צוריק זיך שטעלען אויף די פֿיס!

איזידאָר. יאָ, זיך סטאַרענדיג אָנצוצינדען איבעראַל דעם פֿייער פֿון אויפֿשטאַנד און דעם ראַסען־קריעג...

דער מאַרקיז. פֿאָדערענדיג צוריק זיינע טראַדיציעס, וועלכע זיינען די טראַדיציעס פֿון׳ם לאַנד... און איך בין נאָך שטאָלצער...

איזידאָר (שלאָגט איהם איבער). רעדט!... רעדט!...

דער מאַרקיז. וואָס איך האָב זיך קיינמאָל ניט אונטער-וואָרפֿען דער דאָזיגער פֿערפֿלוכטער, אונפֿערשעהמטער און ווילדער דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט איינגעפֿיהרט די פֿערגעטערונג פֿון׳ם געלד, אַנשטאָט די פֿערגעטערונג פֿון דער עהרע, פֿון׳ם פֿאָטער-לאַנד, פֿון׳ם גלויבען און פֿון מיטלייד.

איזידאָר. רעדט, רעדט, הערר מאַרקיז... רעדט זיך אַביסעל אויס דאָס האַרץ... וועט אייך לייכטער ווערן...

דער מאַרקיז. איהר מיינט, אַז איהר זייט די הערשער, די בעלי בתים... און איהר זייט עס... אויף אַ שטיקעל צייט. אָבער לעכערליכע בעלי בתים... אַזוי גיך ווי איהר ווערט רייך... האָט איהר בלויז איין אידעע: אונז נאָכמאַכען, ווי די מאַלפּעס... אונזערע הייזער, אונזערע גיטער, אונזערע פֿעררינקטהייטען, אונזער אויסגעלאַסענהייט דאַרפֿט איהר האָבען... אונזערע אַלטע הערליכע נעמען... און זאָגאַר אונזערע מעבעל. (מיט אַ פֿרעכען טאָן.) דאָס וואָס קויפֿט זיך ניט, זעהט איהר, דאָס איז דער שטייגער ווי אַזוי זיך צו בענוצען דערמיט...

איזידאָר. ער וואָלט מיר סיי ווי סיי ניט גענוצט... כ׳האָב מיין אייגענעם שטייגער.

דער מאַרקיז. און מעהר דאַרפֿט איהר אַפנים ניט?...

איזידאָר. ס׳איז גענוג פֿאַר מיר...

דער מאַרקיז. ס׳וועט אָבער ניט אימער זיין גענוג פֿאַר׳ן פֿאָלק, וועמען איהר שינדט אַראָב די הויט.

איזידאָר. דאָס!... קענט איהר גאָר ניט וויסען... און איך אויך ניט... דערווייל האָט דאָס פֿאָלק בעסער ליעב מיין שטייגער איידער אייערן...

דער מאַרקיז. אויב איהר ווילט איינגעהמען די וועלט, ווי איהר זאָגט... האָט דאָך וויינינגסטענס מוטה אויסצוגעפֿינען עפּעס נייעס, אַנשטאָט כסדר איבערקרימען דאָס אַמאָליגע... בעשאַפֿט אייך אייערע אייגענע טראַדיציעס... אָבער ניין... איהר קלעהרט גאָר ניט מכה קיין שום טוגענד, קיין שום קונסט, קיין

שום עלעגאַנץ... איהר האָט גאָר קיין געפֿיהל ניט פֿאַר קיין שום גרויסקייט...

אי זי ד אָ ר (שלאָגט איהם איבער). גרויסקייט... גרויסקייט!... דאָס זיינען דאָך בלויז ווערטער... וואָס זאָגען גאָרנישט. פֿאַרהאַן בלויז איין זאַך, דורך וואָס אַ פֿאָלק, ווי אַן אינסטיטוציע, ווי אַן איינצעלנער מענש, איז גרויס... דאָס איז געלד... די קירכע וויסט עס בעסער פֿון אַלעמען. (פויזע.) יאָ, יאָ... ביי אייך אין די אויגען זיינען מיר באַנדיטען... רויבער... מורא'דיגע פיראַטען... ס'פֿערשטעהט זיך... און אין גרונד גענומען איז דאָס גאָר קיין ליגען ניט... נאָר... הערט אויס... באַנדיטען, וועלכע האָבען וואָס עס איז געטהאָן... רויבער, וואָס טראָגען ביי טאָג-טעגליך זייער טהייל צום פראָגרעס... דאָס הייסט צום וואוילזיין פֿון דער מענשהייט... שמוציגע קאַנאַליעס, וועלכע פֿילען אָן זייערע קאַסע-קאַסטענס... דאָס איז מעגליך... אָבער וועלכע שאַפֿען אַ בעוועגונג איבעראַל... רייכטהום איבעראַל... לעבען איבעראַל... אַמאָל, אין די גוטע צייטען פֿון אייער גדולה און אייער מאַכט... אַז איהר רעדט שוין יאָ פֿון טראַדיציעס... אַמאָל, ווען איהר פֿלעגט בעראַבעווען דאָס פֿאָלק אויף אַזאַ שווידערליכען אופן, אַז איהר פֿלעגט איהם ניט איבערלאָזען קיין אַנדער זאַך, פֿון וואָס זיך צו ערנעהרען, נאָר דעם אָבפֿאַל פֿון די רינשטאָקען אין די שטעדט... און אין די דערפֿער דאָס שטיקעלע ערד, וואו ער איז געשטאַנען... וואָס פֿלעגט איהר איהם דאַן געבען אין אויסטויש?... שטעקענס און שמיץ, הערר מאַרקיז... איך... איך גיב איהם וועגען... אייזענבאַהנען... עלעקטרישע בעלייכטונג... היגיענע... אַביסעלע בילדונג... ביליגע פראָדוקטען... און אַרבייט... ניט אַזוי אַריסטאָקראַטיש ווי די שמיץ און די שטעקענס... דאָס גיב איך צו... אָבער דאָך... גענוג עלעגאַנט פֿאַר ים-רויבער, הע?...

דער מאַרקיז. איך וויל ניט און איך קען ניט אַריינלאָזען זיך מיט אייך אין אָט די אַלע צייטונגס-פּאָלעמיקעס...

אי זי ד אָ ר. און איהר זייט גערעכט... גענוג פֿילאָזאָפֿירען... די פֿילאָזאָפֿיע פֿיהרט צו גאָרנישט... און מיר פֿערלירען אומזיסט

און אומנישט דעם פּאָדים פֿון אונזער געשפּרעך... הערט אויס... איהר ווילט געהן מיט מיר אין געוועט?

דער מאַרקיז. פּונקט אַזוי וויניג ווי מאַכען מיט אייך אַ געשעפט...

איזידאָר. גאַנץ ריכטיג... וואָרים איהר קענט זיכער זיין, אַז איך וואָלט געוואונען... נאַ... כ'האָב אַן אַנדער פאָרשלאַג... געהט פרעגט ביי איינעם פֿון די דאָזיגע פּאָליטיקער, אָנגעטהאָן אין שוואַרצען... אין ווייסען... אין ברוינעם... אָדער אין רויטען — דער קאָליער מאַכט גאָרנישט אויס... ביי די וואָס פיהרען די וועלט... און צו וועמען איהר האָט צוטרוי, ניט אמת? געהט פרעגט טאַקי ביי אייער גלח אַליין, ווער ער זאָל ניט זיין, צי וועט ער כאָטש אויף איין מינוט אַ קלעהר טהאָן, ווער עס פערדיענט מעהר אַכטונג... איזידאָר לעשאַ, וואָס פערמאָגט פּופציג מיליאָן, אַ פערפלוכטער סאָציאַליסט און אַנטי־קלעריקאַל... אָדער אייער אָרעמער, קליינער הערצאָג פֿון מאָזשי?... (פויזע. איהם אַריינקוקענדיג גלייך אין די אויגען אַריין.) יאָ... און דאַן... געהט פרעגט איהם אויך אַן עצה מכח דעם וואָס איך לייג אייך פֿאָר... דעם שידוך און אַלע אַנדערע זאַכען... און לייגט אַרויף די האַנד אויף'ן האַרצען און זאָגט מיר אויף אייער נאמנות... אַז ער וועט אייך ניט ענטפערן... אינאיינעם מיט דער ברכה זיינער: „מיין זוהן... דו מעגסט... דו מוזט עס אָננעהמען... אין נאָמען פֿון אונזער הייליגער מוטער די קירכע!"

(נאָך אַ פּויזע, די צוויי מענער קוקען זיך אָן.)

דער מאַרקיז (אָנבויגענדיג אַביסעל דעם קאָפּ, שוין ניט מיט אַזאַ זיכערער שטימע). ס'איז אונמעגליך!...

(שטילשווייגען.)

איזידאָר. אַה!... (פּויזע.) הערר מאַרקיז... ווען איהר זייט אַריינגעקומען אַהער, האָב איך געהאַט בלויז איין וואונש... אייך דערשטיקען אויף טויט... איך בין אויפריכטיג, זעהט איהר, כ'זאָג עס אייך... כ'האָב זיך געפרעהט מיט'ן געדאַנק, אַז איך זועל ביי אייך צונעהמען די ערד פֿון פּאָרסעלע... שוין צוויי יאָהר

אַז איך רעבען זי פֿאַר מיינע... דאָס איז אַזוי וואַהר, אַז איך האָב דאָ ביי מיר אין אַ שופֿלאָד אַ פּלאַן... איהר ווילט איך זאָל איהם אייך ווייזען?... וואו פּאַרסעלע איז שוין פֿון פֿאָראויס אַ טהייל פֿון מיין גוט... כ'האָב דאָרט אויסגעמעקט אייער נאָמען און אַרויפֿ־געשטעלט מיינעם... ס'איז קאָמיש, הע?... און דאַן...׳ כ'וויים אַליין ניט פֿאַרוואָס... זייט איהר מיר געפֿעלען... איהר האָט מיך געריהרט... ווירקליך געריהרט... אין גרונד גענומען... בין איך אַ בראַווער מאַן, איך... מען קען מיך ניט... כ'האָב אַ גוט האַרץ... נו... האָב איך געזוכט אַן אַנדער מיטעל... אַ מיטעל אַלעס צו פֿערגלייכען... מיינע געשעפֿטען... מיין פֿערגניגען... און אייער אינטערעס... (דער מאַרקיז גיט אַן איראָנישען מאַך מיט דער האַנד.) יאָ, יאָ... און איך האָב געפֿונען דאָס... ס'איז דאָך על כל פנים ניט אַזוי שלעכט... מיין טאָכטער איז זעהר שעהן... זי ווייסט זיך ווי צו בענעהמען צווישען מענשען... זי איז גאָר קיין נאַר ניט, די בחור'טע!... זוכט מיר אויס אַסך אין אייער וועלט, וואָס זאָלען האָבען איהרע מעלות... און שטעלט זי זיך אַקאָרשט פֿאָר אין דעם אַלטען, צוריק אויפֿגעריכטען פּאַלאַץ פֿון פּאָרסעלע... אַן אמת'ע פרינצעסין, העדר מאַרקיז!...

דער מאַרקיז. כ'האָב קיינמאָל ניט געצווייפֿעלט אין די מעלות פֿון מאַדמואַזעל לעשאַ...

איזידאָר. נו, איז דאָך אַודאי רעכט!... צווינגט מיך ניט צוריקצוקומען צו מיין ערשטען געדאַנק... ביי מיין וואָרט!... דאָס וואָלט מיך שטאַרק געקריינקט... (מיט געפֿיהל.) ס'איז איינער פֿון מיינע בעסטע טעג, היינט... פֿערלירט ניט די געלעגענהייט!...

דער מאַרקיז (זיין שטימע ווערט וואָס ווייטער אַלץ אונזיכערער). ס'איז אונמעגליך... ס'איז זעהר שווער...

איזידאָר. וואָס איז דאָ אַזוינס, איך בעט אייך?... איהר זייט דאָך ניט דער ערשטער, וואָס איז מרוצה געוואָרען אויף אַזעלכע שידוכים.

דער מאַרקיז. קיין צווייפֿעל ניט...

איזידאָר. נו?...

דער מאַרקיז. ניט נעהמט פֿאַר אומגוט, ליעבער הערר לעשאַ... אָבער... פֿאַרהאַן דאָ עפּעס... בעזונדערעס...

איזידאָר (נעהמט דורך דעם מאַרקיז מיט אַ גנבישען בליק).
אַה!...

דער מאַרקיז. יאָ... עס האָבען זיך מיט אייך אַמאָל געטראָפֿען... ניט קיין אַנגענעהמע געשיכטען. — איך וואַרף דאָס אייך ניט אויף... נאָר דאָך...

איזידאָר. ס'איז דער קאַמפף!... אַה! ווען מען וואָלט געזוכט דעם אורשפּרונג פֿון אַלע פֿערמעגענס... דער עיקר פֿון די אייערינגע... וואָלט מען קיינמאָל ניט פֿאַרטיג געוואָרען. דערמיט, הערר מאַרקיז... אייגענטליך, וואָס אייך קימערט, איז דאָך די עפֿענטליכע מיינונג... דאָס וואָס די וועלט, און אייער וועלט, וועט זאָגען דערויף...

דער מאַרקיז. די מיינונג פֿון דער וועלט שפּיעלט ביי מיר קיין שום ראָלע ניט, ווען איך דאַרף עפּעס טהאָן...

איזידאָר. ניין... נאָר דאָך האָט עס אויף אייך אַ געוויסען איינפֿלוס... און ס'איז גאַנץ נאַטירליך... נאַ, זאָגט זיך אָט וואָס... ווער ס'האָט געלד, דער האָט אַ מיינונג... און ווי וואונדערבאַר, ווי העלדיש די מענשען זאָלען ניט זיין, זיינען זיי ניט ווערטה מען זאָל זיי אַרויסוואַרפֿען פֿאַר די הינט אפילו... אַז זיי האָבען ניט קיין קלינגערס... ניט איך רייד דאָס, הערר מאַרקיז... דאָס רעדט די וועלט-ווייזהייט, די פֿערנונפֿט פֿון די נאַציאָנען... ניט ריכטיג? אָבער קוקט זיך בעסער אַרום, וועט איהר זעהן...

דער מאַרקיז (לאַנגזאַם, צוטראָגען). דאָס איז זיכער, אַז די פֿערהאַנדלונגען מיט מיין שוועסטער־קינד בראַגאַר, זיינען אַן און פֿאַר זיך אָהן אַ שום געפֿאַהר...

איזידאָר. אָט דאָס האָב איך דאָך געזאָגט... גאָר אָהן געפֿאַהר... אדרבה, ס'קען גאָר קיין גלייכערע זאַך ניט זיין...

דער מאַרקיז. וועגען מיין אַריינמישען זיך... אין די וואַהלען...

איזידאָר. שטילערהייט... הערר מאַרקיז... שטילינקערהייט...

האָט קיין מורא ניט דערפֿאַר... אַ פֿראַגע פֿון טאַקט... פֿון גֿעשיקטקייט...

דער מאַרקיז. יאָ... אָבער מיין ליעבער הערר לעשאַ... אויסער דער פּאָליטישער פֿראַגע איז דאָ פֿאַרהאַן נאָך עפּעס... די דעליקאַטע זייט פֿון דער פֿראַגע...

איזידאָר. וועגען דער פּאָליטישער פֿראַגע דאַרף גאָר קיין רייד ניט זיין... די קירכע וועט נעהמען אויף זיך די אחריות...

דער מאַרקיז. אַה... וואָס רעדט איהר?...

איזידאָר. דאָס וואָס איהר הערט... און איהר ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט... און מכח דער דעליקאַטער זייט פֿון דער פֿראַגע?... נו, מיין גאָט!... ס'איז דאָך ניט מעהר ווי רעכט, איהר זאָלט וועלען, אַז דער פֿאָטער פֿון אייער שנור זאָל האָבען ערפֿאָלג... (מיט אַ גוטמוטהיגען שמייכעל.) אומגעקעהרט... דאָס איז דאָך העכסט מאָראַליש... אַ קליינינגקייט!... די פֿאַמיליע...

דער מאַרקיז. כ'האָב דאָך נאָך ניט געפֿרעגט מיין זוהן, צי ער וועט וועלען...

איזידאָר. האָב איך זיך אָנגעפֿרעגט ביי מיין טאָכטער?... די קינדער ווערן געבוירען אויף דער וועלט צו פֿאָלגען זייערע עלטערן... און דאַן, זאָגט מיר, כ'בעט אייך, הערר מאַרקיז... איהר האָט איהם עפּעס אַסך געפֿרעגט, ווען איהר האָט גאָר אָהן איהם... בעת ער איז געווען אויף דער רייזע אין טאַנקין... זיך געסטאַרעט איהם חתונה צו מאַכען... אַ שווערער שידוך געווען... ס'איז ניט געגאַנגען, הע?...

דער מאַרקיז. פּוסטע מעשיות... בלבולים...

איזידאָר. מעגליך... אָבער די בלבולים זיינען אָפּטמאָל זאַכען, וואָס האָבען זיך ניט איינגעגעבען... איבעריגענס... כ'קען אַ יונגען יעגער פֿון פּאַווס, וועלכער וואָלט אסור געמאַכט אָט די אַלע צערעמאָניעס וואָס איהר... און וועלכער וואָלט זיך, כ'לעבען, זעהר שווער צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק, אַז ער איז פֿעראַרימט... און אַז ער מוז זוכען צו פֿערדיענען אויף זיין לעבען, אָנשטאָט צו לעבען רוהיג פֿון גרייטען... וואָס איז שייך צו מיר, הערר מאַרקיז...

מעגט איהר זיכער זיין, אַז איך וועל אייך ניט בעלעסטיגען צו
אָפּט מיט מיין פערזאָן... און איך וועל אייך ניט בעטען, איהר
זאָלט מיר מיטנעהמען אין „דזשאָקיי קלוב"... (ער לאַכט און רייבט
זיך אין די הענד.) בנאמנות, אַז ניט!... כ'האָב אַנדערע אַמביציעס
אין לעבען...

דער מאַרקיז (מיט אָנשטריינגונג). נו!... איך וועל זעהן...
איך וועל זיך מישב זיין...

איזידאָר. אָה ניין... אַלעס מוז זיין פּיקס און פֿאַרטיג,
ווען איהר וועט אַרויסגעהן פֿון דאַנען... איהר האָט דאָס גליק צו
זיין אַן אלמן... דאָס הייסט... איהר זייט פֿריי צו טהאָן וואָס
איהר ווילט... און אחוץ דעם... אין אַזעלכע סאָרטען אומשטענ-
דען... דאַרף מען זיך קיינמאָל ניט מישב זיין... געטראַכט און
געטהאָן... ניטאָ קיין בעסערס דערפֿון...

דער מאַרקיז. אָבער פֿערגעסט ניט, אַז דאָס איז אַ
גאַנץ ערנסטע זאַך... און...

איזידאָר (שלאָגט איהם איבער די רייד מיט אַ שאַרפֿערער שטי-
מע). אַחוץ פּאָרסעלע, וואָס איך קעהר אייך אום צוריק... פֿער-
שטעהט זיך, אַז איך גיב אייך אויך די צוויי הונדערט טויזענד
פֿראַנק... און אַז איך נעהם אויף זיך אייערע אַנדערע חובות...
(אַ קורצעס שטילשווייגען. — דער מאַרקיז האָט זיך אויפֿגעשטעלט. ער
האַלט דעם קאָפּ געבויגען צו דער ערד און קוקט אויף אַ בלום פֿון'ם
טאַפּעט.) הערר מאַרקיז... (דער מאַרקיז הויבט אויף די אויגען צו איזי-
דאָר'ן, וועלכער לייגט אַרויף אין דער רגע דעם פֿינגער אויף'ן גלעקעל.)
זאָל איך אַריינרופֿען מיין פֿרוי און מיין טאָכטער?

דער מאַרקיז (נאָך אַן אָנשטריינגונג). רופֿט זיי אַריין...
מיין הערר.

(ער לאָזט זיך צוריק אַראָב אין פֿאָטעל. איזידאָר קלינגט אָן. ס'קומט
אַריין אַ משרת.)

איזידאָר. געה זאָג דער מאַדאַם און דער מאַדמואַזעל, אַז
דער הערר מאַרקיז פֿון פּאָרסעלע און איך... מיר בעטען זיי
אַריינקומען אַהער...

(דער משרת געהט אַרויס. דער מאַרקיז זיצט און קוקט פֿערטראַכטערהייט אויף וואָס עס איז אַנטקעגען איהם. איזידאָר געהט אַרום איבער דער לייננ און דער ברייט פֿון צימער, מיט די הענד אין די קעשענעס. לאַנגעס שטיל-שווייגען.)

## דריטע סצענע.

### מאַדאַם לעשאַ, זשערמען, איזידאָר, דער מאַרקיז.

(מאַדאַם לעשאַ געהט אַריין די ערשטע, זי איז שטאַרק צוטראָגען, קוקט מיט אַנגסט אויף דעם מאַרקיז און אויף איהר מאַן... נאָך איהר קומט אַריין זשערמען, ביים ערשטען בליק, וואָס זי גיט איבער'ן צימער, פֿערשטעהט זי, אַז דאָ וועט פֿאָרקומען עפּעס אויסערגעוועהנליכעס... ווי זיי קומען אַריין אין קאַבינעט, הויבט זיך דער מאַרקיז אויף און בעגריסט זיי שטילערהייט. מאַדאַם לעשאַ'ס אַנגסט וואַקסט פֿון רגע צו רגע. איזידאָר געהט צו צו זיין שרייב-טיש; מיט אַן אויסדרוק פֿון רשעות'דיגען טריאומף אויף זיין געזיכט.)

איזידאָר. זעצט זיך, קינדער... דער הערר מאַרקיז פֿון פּאָרסעלע האָט אייך עפּעס צו זאָגען... (זיי זעצען זיך אַנידער. לעשאַ בלייבט שטעהן, לייגט צונויף פּאָרסעלע'ס פּאַפּירען.) הערר מאַרקיז...

דער מאַרקיז (מיט אָנשטריינגונג און מיט אַ האַלב-פֿערדריקטער שטימע). מאַדאַם... כ'האָב די עהרע צו בעטען ביי אייך, פֿאַר מיין זוהן ראָבערט, גראַף פֿון פּאָרסעלע, די האַנד פֿון אייער טאָכטער, מאַדמואַזעל זשערמען...

(זשערמען דרעהט אום דעם קאָפּ צום מאַרקיז און קוקט איהם אַריין גלייך אין פנים אַריין.)

מאַדאַם לעשאַ (ניט וויסענדיג אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט זי איז, באָלבעט). וואָס... איך... (זי קען ניט ריידען... זי לייגט צו ביידע הענד צום שטערן, קוקט אָן איהר מאַן, דעם מאַרקיז, דערנאָך זשערמען'ן.) פֿאַרדאָן... וואָס האָט איהר געזאָגט?...

איזידאָר. נו... יאָ... וואָס איז דיר געשעהן?... (זשערמען הויבט אויף איהרע פֿערלאַכטענדע אויגען צו איהר פֿאָטער.) מען בעט ביי דיר זשערמען׳ס האַנד... האָסט ניט פֿערשטאַנען, צי וואָס?...

מאַדאַם לעשאַ. יאָ... יאָ... דער קאָפּ דרעהט זיך מיר...

איזידאָר. אַ מוטער׳ס פֿרייד, הערר מאַרקיז... נאַ... קום דאָך צו זיך... אום גאָטעס ווילען!... (צו זיין טאָכטער.) און דו, זשערמען... ענטפֿער...

זשערמען (הויבט זיך אויף). ס׳איז צופֿיעל עהרע, מיין הערר... און איך ווייס ניט, ועמען איך האָב עס צו פֿערדאַנקען... נאָר איך זאָג זיך אָב דערפֿון...

דער מאַרקיז (כאַפּט זיך אויף). איהר ענטזאָגט, מאַדמואַזעל?...

זשערמען. יאָ, מיין הערר...

איזידאָר. דו ענטזאָגסט?

זשערמען. יאָ...

איזידאָר (די גאַנצע רשעות און פּראַקטיקייט, וואָס ער האָט נור אין זיך, בעווייזט זיך ביסלאַכווייז אויף זיין געזיכט). נאַ... נאַ... דאָס איז דאָך ניט מעגליך... דער הערר מאַרקיז וויל, דו זאָלסט חתונה האָבען מיט זיין זוהן... חתונה האָבען...

זשערמען, כ׳זאָג זיך אָב דערפֿון... (צום מאַרקיז.) און איך בעדויער וואָס מיין פֿאָטער האָט אפילו ניט געפֿונען פֿאַר נייטיג מיך אַפֿריהער אָנצופֿרעגען... ער וואָלט אונז אַלעמען פֿערשפּאָרט... אַ פּיינליכע און ערנידעריגענדע סצענע...

איזידאָר (מיט אַ טאָן פֿון ערנידעריגונג). אָה ניין, ניין, הערר מאַרקיז... מיין טאָכטער האָט ניט געהערט... האָט ניט פֿערשטאַנען... די ערשטוינונג, אודאי... די פֿרייד... דער שטאָלץ... זי איז וויליג...

זשערמען (שאַרפֿער). איך זאָג זיך אָב דערפֿון... נאָך וואָס מיך צווינגען צו ווידערהאָלען כסדר דיזעלבע זאַך?...

איזידאָר. דאָס... הערט איהר... איז שוין אַביסעל צופֿיעל...

דער מאַרקיז (ביטער און צורייצט). אָט אַפּנים איהר געפינט, אַז דאָס הויז פון פאָרסעלע איז ניט ווירדיג פאַר אייך, מאַדמו־אַזעל?

זשערמען. איהר האָט אַ טעות, מיין הערר...

איזידאָר. נו, פערשטעהט זיך!... וואָס האָב איך גע־זאָגט?...

זשערמען (מיט אַ טרויעריגען טאָן). הערר איזידאָר לעשאַ'ס טאָכטער האָט קיין רעכט ניט צו געפינען וועמען עס זאָל ניט זיין אונווירדיג פאַר איהר... ניין... איך זאָג זיך אָב... ווייל איך בין ניט פריי...

איזידאָר. ניט פריי... וואָס פערדרעהסט דו אַ קאָפּ? דיין מוטער און איך... מיר זיינען דאָך איינשטימיג דער־מיט...

זשערמען. איך בין ניט פריי!

איזידאָר. פאַרוואָס?

זשערמען. איך קען עס ניט זאָגען דאָ.

איזידאָר (סטראַשענדיג). פאַרוואָס? פאַרוואָס?

זשערמען. דו ווילסט עס?...

איזידאָר. יאָ...

זשערמען. איך בין ניט פריי... ווייל איך האָב אַ גע־ליעבטען!

(אַלגעמיינע איבערראַשונג.)

איזידאָר. וואָס?... וואָס? וואָס זאָגסט דו?... אָה ניין, הערר מאַרקיז, (מיט אַ קריצענדען געלעכטער.) איהר זעהט דאָך, אַז זי שפּאַסט... אַז זי אַמוזירט זיך... אַז זי ווייסט ניט וואָס זי רעדט... אַ געליעבטען!... מיין טאָכטער!... אַה!... אַה! אַה!... ס'איז ניט שלעכט, כ'לעבען!... (ער לאָזט זיך אַנטקעגען זיין טאָכטער, סטראַשענדיג.) דערוועג זיך דאָס צו זאָגען נאָך אַמאָל... דערוועג זיך דאָס... פאַר דיין פאָטער...

זשערמען. כ'האָב אַ געליעבטען!... אַ געליעבטען... אַ געליעבטען!... וויפיעל מאָל מוז איך דאָס אויסשרייען?

איזידאָר. דו ליגסט... זי ליגט... איך זאָג אייך, אַז זי

לייגט... הערט איהר, הערר מאַרקיז... זי קען קיינעם ניט... זי זעהט קיינעם ניט... זי לייגט... (ענדערט פלוצלינג דעם טאָן.) נאַ... מיין קליינע זשערמען... ס'איז פּאַרטיג, איצט... ניט אַזוי? דו האָסט געוואָלט מאַכען אַ וויץ, אַ גוטען וויץ... מען גלויבט דיר ניט... נאַ... זאָג, אַז ס'איז ניט אמת...

זשערמען, און אָט דעם געליעבטען... האָב איך אויסגע־קליבען... און איך ליעב איהם... און ער איז מיינער... מיינער... ער איז ניט קיין טהייל פון אַ מסחר... ער איז ניט קיין שטיק, וואָס שלעפּט זיך נאָך נאָך אַ געשעפט... ער איז מיינער... אין גאַנצען... מיינער... פון זיין פרייען ווילען... (צום מאַרקיז.) איהר מוזט זיך אודאי חידוש'ן, מיין הערר... און ס'איז אמת, אַז מען טראָגט דעם נאָמען לעשאַ, איז מען עפּעס ניט געוואוינט צו זיין אַ בעשעפעניש, וואָס מען קויפט ניט... וואָס פערקויפט זיך ניט... נאָר וואָס גיט זיך איבער אַליין... פריי...

איזידאָר (צו זיין פרוי). און דו... וואָס דו רעדסט גאָר־נישט... וואָס דו זיצסט ווי אַ גלאָמפּ... פערמאַך איהר דאָך דאָס מויל!...

מאַדאַם לעשאַ (דערשלאָגען). גאָט מיינער!... וואָס זאָל איך ריידען?...

איזידאָר. וואָס זשע... ס'איז, הייסט עס, אמת?

מאַדאַם לעשאַ. כ'ווייס גאָרנישט... איך... (פלוצלינג.) מיין גאָט! מיין גאָט... מיין גאָט!... (זי וויינט.) דאָס האָט געמוזט קומען...

איזידאָר. וואָס?... וואָס האָט געמוזט קומען?

מאַדאַם לעשאַ (מיט ביטערע טרעהרען). איך ווייס ניט... איך ווייס ניט!...

איזידאָר (אַרומגעהענדיג איבער'ן צימער, אַרומוואַרפענדיג די מעבעל). מיין טאָכטער איז משוגע... מיין פרוי איז משוגע, זיי זיינען ביידע משוגע!... (דער מאַרקיז מאַכט זיך גרייט אַוועקצוגעהן.) הערר מאַרקיז... ס'איז דאָך אונמעגליך... אונמעגליך!... דאָ מוז

זיין אַ מיספֿערשטענדניס... איך זאָג אייך, אַז דאָ מוז זיין אַ מיס־פֿערשטענדניס!...

דער מאַרקיז. כ'מיין, אַז דאָס בעסטע וואָס איך האָב צו טהאָן, איז אַוועקגעהן...

איזידאָר. איהר זייט גערעכט. דאָס איז טאַקי גלייכער. איך וועל שוין אַליין ריידען מיט איהר, איך. (איהם אונטערפֿיהרענדיג צו דער טהיר.) אַה! הערר מאַרקיז... מען אַרבייט פֿאַר די קינ־דער... מען קלייבט אָן מיליאָנען נור כדי זיי זאָלען זיין גליקליך... מען חלום'ט אַלערליי חלומות... און אין מיטען דערינען נאַ דיר!... נאָר איך וועל דאָס שוין צורעכט מאַכען פֿאַר זיך... נישקשה, כ'האָב שוין געזעהן ערגערע זאַכען דערפֿון!... (שטילער אַביסעל.) און אויב ס'וועט נייטיג זיין צו מאַכען נאָך אַ קליינעם אָפּפֿער... איהר פֿערשטעהט דאָך וואָס איך מיין?... אַלזאָ, מאָרגען, הערר מאַרקיז...

דער מאַרקיז (זעהר קאַלט און מיט אַ זעהר שטאָלצער מיענע). מיר דוכט זיך, אַז מיר האָבען מעהר גאָרנישט וואָס צו זאָגען איינער דעם אַנדערן, מיין הערר.

איזידאָר (אָנקוקענדיג אַ היבשע ווײַלע דעם מאַרקיז און אויפֿ־מאַכענדיג די טהיר פֿון הינטער-גרונד). אייך דוכט זיך?...

דער מאַרקיז. יאָ...

איזידאָר. אַה!...

דער מאַרקיז. אַדיע, מיין הערר!... (ער וויל אַרויסגעהן, איזידאָר פֿערהאַלט איהם.)

איזידאָר. זאָגט נאָר... דאָס געשעפֿט, הייסט עס, געפֿעלט אייך שוין ניט?

דער מאַרקיז. לאָמיר דאָס לאָזען צורוה, מיין הערר.

איזידאָר. אַלזאָ... פֿאַרטיג, הייסט עס, מיר ביידע?... (דער מאַרקיז שווייגט.) איהר מיינט אַזוי?... (דאָסזעלבע שטילשווייגען.) נאַ... די וועקסלען... מאָרגען!...

דער מאַרקיז. טהוט ווי איהר פֿערשטעהט!...

(ער געהט אַרויס.)

אי זי דאָ ר (ווייזענדיג אַ פֿויסט אין דער ריכטונג, וואו דער מאַרקיז איז אַרויס). קאַנאַליע !...

## פערטע סצענע.

### די זעלבע, אויסער דעם מאַרקיז.

אי זי דאָ ר. אַצונד מיר ביידע !... (עד שטעלט זיך אַוועק לע־בען זשערמען'ן, וועלכע האָט ניט אַראָבגענומען קיין אויג פֿון איהם און וועלכע קוקט איהם איצט אָן מיט אַרויסרופֿענדע בליקען.) און קוק מיך ניט אָן אַזוי... מרשעת איינע !... (סטראַשענדיג.) אויף די קניע... כל זמן דו ביסט דאָ... אונטער מיין דאַך... בין איך אַליין בעל הבית... דו הערסט ?... קודם כל אויף די קניע... און דערנאָך... אַרויס פֿון מיין שטוב !... (ער פאַקט זיין טאָכטער אויף אַ ברוטאַלען אופֿן ביי די הענד און וויל איהר צווינגען זיך אַרונטערלאָזען אויף די קניע, זשערמען ראַנגעלט זיך מיט איהם און רייסט זיך ענדליך אַרויס פֿון זיינע הענד.)

זשערמען. זיי רוהיג... איך וועל אַוועקגעהן פֿון דאַנען... מיין ניט, אַז דו טרייבסט מיך אַרויס פֿון שטוב... כ'געה אַוועק מיט מיין אייגענעם פֿולען ווילען... איך וואָלט דאָ סיי ווי סיי ניט געבליבען... אפילו ווען אָט די סצענע וואָלט ניט פֿאָרגעקומען... דאָס וואָס איך האָב צו זאָגען... דאָס וואָס דריקט מיר אויף'ן האַרצען... דאָס וועט ניט נעהמען לאַנג...

אי זי דאָ ר (אויפֿהויבענדיג דעם אָרם אין דער הויך). די ביכער... די שמוציגע ביכער... אָט וואָס זיי האָבען געמאַכט פֿון מיין טאָכטער !...

זשערמען. לאָז צורוה די ביכער... ניט די ביכער האָבען מיך אָבגעריסען פֿון דיר, נאָר דו אַליין. דיין טאָכטער ?... פֿון וואַנען נעהמסט דו, אַז איך בין דיין טאָכטער ? מיר האָבען קיינ־מאָל ניט אויסגערעדט קיין צעהן ווערטער צוזאַמען. און וואָס וואָלט

אַרויסגעקומען אַז יאָ? דו וואָלסט מיך סיי ווי סיי ניט פֿערשטאַ-נען... און דו... אַלץ וואָס דו זאָגסט... עקעלט מיך אָב... ברייננגט מיך אַרויס פֿון געדולד...

**איזידאָר** (מיט אַ שפּאָטישען צאָרן). יאָ, יאָ, כ'ווייס... דו האָסט פֿיינט די געשעפֿטען... די געשעפֿטען... נאָר ניט דאָס געלד...

**זשערמען**. האָב איך ביי דיר ווען עס איז געבעטען געלד? איך וויל ניט האָבען דיינע מתנות... כ'וויל ניט דיין געלד... כ'וויל דיך ניט... כ'וויל גאָרנישט פֿון דיר...

**מאַדאַם לעשאַ** (צוטומעלט). זשערמען!... ס'איז דיין פֿאָטער!

**איזידאָר** (צו זיין פֿרוי). לאָז צורוה... לאָז צורוה! (צו זשערמען'ען). אַה! אַה!... ווער האָט דיך ערצויגען?... ווער האָט דיר געגעבען עסען?

**מאַדאַם לעשאַ** (מיט אַ בעטענדער שטימע). מיין פֿריינד'... ס'איז דיין טאָכטער!

**איזידאָר** (צו זשערמען'ען). דיין לוקסוס?... דיינע קליי-דער?...

**זשערמען**. זינט איך בין געוואָרען אַלט גענוג צו פֿער-שטעהן... זינט איך האָב זיך געקענט אָבגעבען רעכנונג, פֿון וואַנען ער נעהמט זיך, דער לוקסוס דיינער... האָב איך זיך אָבגעטרייסעלט פֿון איהם... דיינע רייכע קליידער האָב איך ניט געוואָלט אָנטהאָן... ווייל ס'האָט מיר געברענט דאָס לייב אונטער-זיי... דו הערסט?... ווייל אַלצדינג... אַלץ וואָס איז דאָ פֿאַרהאַן ביי דיר אין שטוב... איז רויב און טרעהרען... גנב... גנב...

**מאַדאַם לעשאַ** (גיט אַ געשריי). שווייג שטיל... שווייג שטיל... אַה! אונגליקליך קינד!...

**איזידאָר**. לאָז צורוה!... זי איז צו נאַריש מיך צו פֿער-שטעהן... (ער ציהט מיט די אַקסלען, די פֿויסטען צונויפֿגעדריקט.) כ'לעבען! זי איז נאָך גערעכט... זי בעליידיגט אונז נאָך?...

(צוגעהענדיג צו זשערמען'ן.) ביסט, הייסט עס, אַ ריכטיגע חצופה... ווי דערוועגסט דו זיך נאָך צו ריידען, דו מרשעת איינע?

זשערמען. כ'האָב קיין שום שלעכטס ניט געטהאָן...

איזידאָר. ס'איז אַלזאָ געוועזן אַ ליגען, דאָס וואָס דו האָסט נאָר וואָס געזאָגט... פֿאַר'ן מארקיז?

זשערמען. כ'האָב געזאָגט דעם אמת...

איזידאָר (מיט אַ גראָבען אויסדרוק). אַ מאַן... דאָס... דאָס איז דיר גאָר ניט דערווידער, דו צדקנית מיינע?

זשערמען. אַסך שעהנער, איידער זיך לאָזען פֿערקויפֿען...

איזידאָר. גענוג מיט דיינע פֿראַזען!... גענוג מאַכען אַזאַ'ן אָנשטעל!... כ'האָב זיך איספּראַוועט מיט גרעסערע פֿון דיר... כ'וועל לערנען מיט דיר דרך ארץ, דו חצופה...

זשערמען. דו קענסט מיר גאָרנישט טהאָן...

איזידאָר. ניין?...

מאַדאַם לעשאַ. מיין פֿריינד... האָב רחמנות!...

איזידאָר (צו זיין פֿרוי). אַה! דו מאַכסט מיך קראַנק מיט דיינע קלאָג-ליעדער!... דאָס ביסט דו דאָך שולדיג אין אַלעס... דו מיט דיין שוואַכקייט... איך וועל איהר אויסלערנען ווי צו לעבען, דער מאַדמואַזעל... (צו זיין טאָכטער.) וואו האָסט דו איהם אויסגעזוכט?... וואו האָסט דו איהם געפּאַקט?

זשערמען. וואַרט אַ ווײַלע... דו וועסט איהם זעהן...

איזידאָר. וואָס זשע, איך בין דיין משרת, וואָס דו גיסט מיר אַרויס בעפֿעהלען?... ווילסט, איך זאָל דיך דערווערגען?... איך וועל דיך באַלד מאַכען ריידען, איך!... זיין נאָמען...

זשערמען (געהט צו צו דער אָפֿענער טהיר, וואָס געהט אַרויס אויף'ן באַלקאָן, און שרייט אַרויס אויף דרויסען). לוסיען!... לוסיען!...

איזידאָר (ער איז תחילת ערשטוינט צו הערען דעם דאָזיגען געשריי, אַ פּויזע). לוסיען!... וועלכער לוסיען?... גאַראָ?... אָט האָסט דו דיר!... ס'איז אונמעגליך... ס'איז משוגע צו ווערן!

מאַדאַם לעשאַ. ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט...

(ס'קומט אריין לוסיען, ווען מען האָט געזעהן אָנקומען שנעל פֿון'ם באַלקאָן.)

## פינפטע סצענע.

### איזידאָר, מאַדאַם לעשאַ, זשערמען, לוסיען.

איזידאָר (ער בלייבט אַ ווײַלע שטעהן צומישט, דערזעהענדיג לוסיען'ן). ס'איז ניט דו?... (לוסיען שווייגט.) וואָס זשע, ס'איז דו?... (שטילשווייגען) נאַ... דאָס איז גרויסאַרטיג!... דאָס ווערט זאָגאַר קאָמיש אויך... (זיך פלוצלינג אַ לאָז טהאָנדיג צו לוסיען'ן מיט צונויפֿגעדריקטע פֿויסטען.) רויבער... רויבער! (זשערמען מישט זיך אַריין. לוסיען שטופּט אָב איזידאָר'ן.)

לוסיען (מיט אַ רוהיגער אָבער פֿעסטער שטימע). גיט אַכטונג, מיין הערר... (איזידאָר שטעלט זיך אָב. ער מורמעלט עפּעס אונפֿערשטענדליכעס און רוקט זיך אָב אַביסעל.) איך האַלט זיך איין ווי איך קען... נאָר איך זאָג אייך פֿאָראויס, אַז איך וועל אייך ניט לאָזען אָנווענדען קיין שום געוואַלט...

איזידאָר (מיט אַ הייזעריגען קול). דו לערנסט מיר אויך דרך ארץ, איצט?... באַנדיט איינער!... ס'איז דיר ווייניג וואָס דו ביסט געקומען אַהער אַרויסנאַרען די יורש'טעם?... נאָר מיין געלד... דאָס האָסט דו נאָך ניט... מעגסט זיכער זיין אַז ניט!...

לוסיען. קיינער וויל ניט און דאַרף ניט אייער געלד...

זשערמען. ער ווייסט עס גאַנץ גוט!...

איזידאָר. יאָ... יאָ... אָבער וואָס הייסט?... ס'איז אַ געניאַלער איינפֿאַל... נו מילא, האָט זיך געמאַכט ניט קיין שעהנע זאַך... עס טרעפֿט דאָך ביי לייטען... לאָמיר עס פֿערגלעטען צווישען זיך... און לאָמיר זיך צוקושען מיט די מיליאָנען פֿון'ם אַלטען לעשאַ... אָט דאָס איז דאָס, הע?... דו האָסט געמאַכט אַ שלעכטען חשבון...

לוסיען. איהר האָט אַ טעות, מיין הערר... איך האָב ניט געמאַכט קיין שום חשבון...

איזידאָר. נו אַודאי!...

לוסיען. זשערמען זאָגט זיך אָב אויף אייביג פֿון איהר חלק אין אייער פֿערמעגען.

זשערמען. ווינט איך לעב האָב איך זיך אָבגעזאָגט דער־פֿון!...

איזידאָר. איך קען זיך בעגעהן אָהן איהר אָבזאָגען זיך... (צו לוסיען׳ן.) דאָס זאָג איך איהר אָב פֿון דער ירושה... און רייד זיך אַקאָרשט ניט איין... (אָנווייזענדיג אויף זשערמען׳ן.) זי, זי פֿער־שטעהט דאָך גאָרנישט... נאָר דו... רייד זיך אַקאָרשט ניט איין, אַז מען קען ניט אָבזאָגען קיין קינד פֿון דער ירושה?... פֿאַרהאַן דאָס געזעץ, יאָ... נאָר עס זיינען אויך פֿאַרהאַן די מענער, וואָס געהען אַרום דעם געזעץ... איך האָב מיט זיי אויסגעפֿיהרט אַסך שווערערע זאַכען ווי די...

זשערמען. מען ווייסט עס גאַנץ גוט!

איזידאָר (צו לוסיען׳ן.) און קיין איין סו ניט, קיינמאָל ניט... דו הערסט?... קיינמאָל וועט זי ניט קריגען קיין איין סו פֿון מיר...

זשערמען. עס זאָל מיך אָנהויבען אַרען!...

איזידאָר. אפילו ווען זי וועט אַמאָל צוריקקומען — און זי וועט צוריקקומען גאָר אין גיכען — זיך בעטען און אויסגעהן פֿון נויטה ביי מיין טהיר...

זשערמען. די נויטה?... איך בין צופֿריעדען מיט איהר... איך קוק שוין אויס אויף איהר... די נויטה?... דאַן וועל איך דאָך ענדליך קענען וואָס עס איז אָננעהמען פֿון דיר...

איזידאָר. דומקאָפּ!... און דאָס איז מיין טאָכטער!... און ער... דאָס איז דאָך געווען דער איינציגער מאַן, ועמען איך האָב ליעב געהאַט! וואָס זשע... בין איך, הייסט עס, געווען אַזאַ בהמה?... (צו לוסיען׳ן, אַביסעל נעהנטער.) נאַ... גאַראָ... איהר האָט קיין רעכט ניט דערצו... בעדיינקט זיך!

לוסיען. כ'האָב זיך שוין געגוג בעדיינקט...

איזידאָר. דו ביסט דאָך ניט קיין אידיאָט, דו... נאַ... וואָס וועסט דו טהאָן?

לוסיען. כ'וועל אַרבייטען...

איזידאָר. ס'רעדט זיך אַזוי... צוויי הונדערט פֿראַנק אַ מאָנאַט... דו וועסט אפשר געפֿינען אַ שטעלע פֿאַר צוויי טויזענד פֿיער הונדערט אַ יאָהר... און וואָס נאָך?... איך קען דאָך דיך... דו ביסט אַ טרוימער... דו וועסט קיינמאָל ניט קענען פֿערדיענען קיין געלד...

לוסיען. פֿאַרהאַן אַנדערע זאַכען אויף דער וועלט אַחוץ געלד...

איזידאָר. אַנדערע זאַכען אַחוץ געלד!... ער רעדט דאָך פונקט ווי זי, ביי מיין וואָרט!... אָבער דו ביסט דאָך ניט געווען אַזוי נאַריש, אַמאָל?... זי האָט, הייסט עס, דיך אויך פֿערגיפֿטעט מיט איהר דומהייט?... (ער געהט צו נאָך נעהנטער צו לוסיען'ן.) ס'איז אונמעגליך... כ'האָב געהאַט אַ געוויסע אַמביציע פֿאַר איהר... דאָס הייסט... כ'האָב געבויט אויף איהר אַזעלכע שעהנע פּלע־נער!... ס'איז דאָך מיין טאָכטער... נו, האָב איך דאָך לכל הפּחות געמעגט האָבען פֿון איהר אַ שטיקעל נוץ!... אַה! דעם טאָג, וואָס איך האָב דיך אַרויסגעשלעפּט פֿון זומפּ... ניחאי וואָלט איך זיך בעסער די פֿיס צוּבראָכען!... דו וועסט דאָך ניט אָב־לייקענען, אַז איך האָב דיך אַרויסגעשלעפּט פֿון זומפּ?

לוסיען. מיין הערר... איך וויים וואָס איך בין אייך שולדיג.

איזידאָר. און דו צאָהלסט מיר אָב...

לוסיען. איך בין אייך שולדיג געווען מיין צייט... מיין אַרבייט... מיין טרייקייט... האָב איך זיי אייך אָבגעגעבען...

זשערמען. דאָס האָט גאָר ניט צו טהאָן איינס מיט'ן אַנדערן... אַלץ וואָס ער קען פֿערלאַנגען פֿון דיר איז די ביכער.

איזידאָר. שטיל זאָל זיין... קודם כל... פֿערוועהר איך דיר איהם צו דו'צען פֿאַר מיר אין די אויגען.

לוסיען (סטארעט זיך מיט זאנפטקייט איינצושטילען זשערמען׳ן). וואָס איז שייך צו מיינע געדאַנקען... מיינע געפיהלען... זיי געהערען מיר אַליין... איך בין ניט מחויב זיי אויפאָפפערן צו אייך... מיין ליעבע צו איהר האָט גאָרנישט וואָס צו טהאָן מיט מיין דאַנקבאַרקייט צו אייך.

איזידאָר (פלאַצט אַרויס). אַה! כ׳האָב זיך שוין גענוג אָנגעהערט מיט פראַזען, היינט... דו וועסט מוחל זיין געהן, פערשווינדען פון דאַנען... וואָס זשע, ווילסט געלד? נאַ... זאָג עס גאַנץ אָפען און שטעל דיין פרייז... איך צאָהל...

לוסיען. איהר זייט משוגע, צי וואָס?!

איזידאָר. דו וועסט זיין דער ערשטער וואָס ציהט אַרויס געלד ביי דעם אַלטען לעשאַ... נאָר ס׳מאַכט ניט... דיין פרייז?

לוסיען. איהר ברייננגט מיך אַרויס פון געדולד...

איזידאָר. ס׳איז אַלזאָ ניט קיין געלד? ניין!... וואָס זשע דען? ס׳איז ליעבע? (ער קוקט זיי אָן, דאַן לאַכט ער זיך פונאַנדער מיט אַ פינסטערן געלעכטער.) דומקעפּ!... איך בין אויך אַ בהמה, איך!... און וואָס אַרט עס מיך, נאָך אַלעמען?... מיין כפרה זייט איהר... געהט זיך אייך... געהט צום טייוועל!... אַן עזעל־קאָפּ... אַ משוגע׳נע... אַ שעהנע פּאָר... געהט פּעכניעט פאַר הונגער וואו איהר ווילט... דאָס וועט זיין מיין נקמה... מיין פרייד...

זשערמען. געה... לוסיען... איך קום גלייך... (לוסיען געהט אַרויס. מאַדאַם לעשאַ הויבט זיך אויף, דאָס געזיכט פול מיט שמערץ.)

## זעקסטע סצענע.

### דיזעלבע, אויסער לוסיען.

(איזידאָר לויפט אַרום איבער׳ן צימער, ווי אַ ווילדע חיה, אַרומוואַרפענדיג די שטוהלען און קלאַפּענדיג מיט׳ן פוס אָן טאַפּעט.)

מאַדאַם לעשאַ (מיט געבעט). הער אויס, מיין פריינד...

איזידאָר. אַה! ענדליך... כאַפּסט דו זיך פֿאָרט אויף... מען גנב'עט דיר אַוועק דיין טאָכטער... און דו זיצסט זיך דאָ... זאָגסט קיין וואָרט ניט... גיסט ניט קיין מאַך מיט דער האַנד... דערשלאָגען... צונויפגעדרעהט ווי אַ פּעקעל?...

מאַדאַם לעשאַ. מיין פֿריינד... הער אויס...

איזידאָר. גאַראָ!... אַן אָבגעריסענער שלעפּער... אַ לא יוצלח... (פֿערבייגעהענדיג פֿערביי זיין שרייב-טיש, דערלאַנגט ער אַ מורא'דיגען זעץ מיט דער פויסט.) ווען עס וואָלט כאָטש געווען... כ'וויים ניט... איך!

מאַדאַם לעשאַ. הער אויס... דו וועסט גאָרנישט אויס־פֿיהרען... מיט כעס... ניט מיט כעס רעדט מען צו קינדער... אפילו ווען זיי זיינען שולדיג... דו קענסט זיך ניט קאָנטראָלירען... לאָז מיך, איך וועל זיך דורכריידען מיט איהר.

איזידאָר. דו האָסט גאָרנישט וואָס צו ריידען מיט איהר...

מאַדאַם לעשאַ (מיט אַביסעל אַ בעפֿעהלענדערן טאָן). וואָס וויסט דו?... לאָז מיך אַליין אַ ווייל... מיט זשערמען'ן...

איזידאָר. אוי, האָב איך ליעב אָט די אָנשטעלען!... נאַ... מאַכט זיך ווייענדיג!... אָבער איך זאָל זי ניט געפֿינען דאָ!...

(ער געהט אַרויס מיט אַ קראַך.)

## זיבעטע סצענע.

### מאַדאַם לעשאַ, זשערמען.

(מאַדאַם לעשאַ קוקט אַ ווייל אַן איהר טאָכטער מיט אַ פֿעראומערט געזיכט, פֿול מיט געבעט. דערנאָך שטרעקט זי איהר אויס די אָרעמס.)

מאַדאַם לעשאַ. זשערמען... מיין קליינע זשערמען!...

(זי געהט צו לאַנגזאַם צו איהר, נאָך אַלץ מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס.)

מיין קליינע זשערמען!...

(זשערמען דרעהט אום אַביסעל דעם קאָפּ, רוקט זיך אַביסעל אָב אָן אַ זייט, זיך אָנשטרייענגענדיג מיט אַלע כוחות ניט צו ווערן ווייכהערציג... פּלוצ־לינג וואַרפט זי זיך אַריין צו דער מוטער אין די אָרעמס.)

**זשערמען.** מאַמאַ!... מאַמאַ!...

(זיי אומאַרמען זיך און וויינען ביידע. אַ לאַנגע אומאַרמונג, איבערגע־שלאָגען פון שלוכצען און געוויין, מאַדאַם לעשאַ נעהמט אַריין זשערמען׳ס קאָפּ אין די הענד און בעדעקט איהם מיט קושען.)

**מאַדאַם לעשאַ.** דו ועסט ניט אַוועקגעהן פון דאַנען?... דו ועסט מיך ניט פערלאָזען?... זאָג מיר, אַז דו וועסט מיך ניט פערלאָזען... דאָס וואָלט געווען צו... צו שרעקליך...

**זשערמען.** פערלאַנג עס ניט פון מיר, מאַמאַ... ס׳איז צו שפעט...

**מאַדאַם לעשאַ** (הערט ניט אויף צו קושען און האַלזען איהר טאָכטער), ניין... ניין... מיין זיסינקע זשערמען... זאָג ניט, אַז עס איז צו שפעט... און אויסערדעם... ניט איצט... ניט היינט... דאָס וואָלט דאָך איינפאַך געווען אַ רייגער שגעון... דיין פאָטער איז צו אויפגערעגט אַצונד... נאָר מאָרגען... שפעטער... אין אַ פּאָר טעג אַרום... וועל איך ריידען מיט איהם... איך... כ׳וועל איהם געבען צו פערשטעהן... און ער וועט מיך הערען... יאָ... יאָ... ער וועט מיך הערען... מעגסט זיך פערלאָזען אויף מיר... און ער וועט מרוצה ווערן דו זאָלסט חתונה האָבען... מיט הערר גאַראָ׳ן...

**זשערמען** (ביים נאָמען פון איהר פאָטער ווערט איהר דאָס גע־זיכט ווידער אָבגעקיהלט). ער וועט קיינמאָל ניט מרוצה ווערן...

**מאַדאַם לעשאַ.** אָבער איך זאָג דאָך דיר אַז יאָ... איך וויים דאָך וואָס איך רייד... דיין פאָטער...

**זשערמען.** כ׳בעט דיך... רייד ניט מיט מיר וועגען מיין פאָטער...

**מאַדאַם לעשאַ.** גוט... זאָל זיין אַזוי... כ׳וועל מעהר ניט ריידען וועגען איהם... אָבער דו וועסט בלייבען מיט מיר... ניט אַזוי?

זשערמען. כ׳בעט דיך, מאַמאַ... פֿערלאַנג ניט פֿון מיר צו טהאָן אַ זאַך, וואָס איך קען ניט טהאָן... איך מוז אַוועקגעהן...

מאַדאַם לעשאַ. ניין, ניין... ס׳איז אונמעגליך, מיין קינד... וואָס וועל איך דאָ טהאָן, איינע אַליין, אין דעם דאָזיגען הויז?... איינע אַליין... אין מיינע יאָהרען... בערעכען פֿאָרט!... דאָס איז דאָך איינפֿאַך דער טויט!... נאַ... נאַ... זשערמען... זיי אַ גוטינקע... לאָז מיך ניט איבער איינע אַליין, דאָ...

זשערמען. קום מיט מיט אונז... דו וועסט זיין אַסך גליקליכער... מיט אונז...

מאַדאַם לעשאַ. אַך!... אויך דאָס איז אונמעגליך... כ׳האָב געלעבט מיט איהם... מוז איך שטאַרבען מיט איהם... איך קען איהם ניט פֿערלאָזען... דאָס וואָלט געווען אַ זינד... כ׳קען ניט... (פּויזע) יאָ, יאָ... איך גיב זיך היינט אָב רעכנונג וועגען אַלצדינג... מען האָט דיך ניט גענוג געליעבט, מיין אָרים קינד... מען האָט דיך ניט געליעבט, ווי מען האָט דיך געדאַרפֿט ליעבען... מיר האָבען שלעכט געהאַנדעלט... איבערהויפּט איך... דאָס איז אמת... און איך עסס זיך איצט אויף אַ לעבעדיגע דערפֿאַר... אָבער אַביסעל איז דאָס געווען דיין שולד אויך... דו ביסט שטענדיג געווען אַזוי אומעטיג... דו פֿלעגסט בסדר אַרומגעהן מיט אַ פֿערשטערטען פנים, מיט אַ פֿערביסענקייט... נו... האָט עס מיך צייטענווייז אויפֿגערעגט און איך פֿלעג זיך בייזערן אויף דיר, ווייל איך האָב דיך ניט געקענט... ווייל איך האָב ניט אַריינגעקוקט ווי געהעריג איז אין דיין נשמה... דאָך האָב איך דיך ליעב געהאַט... און איצט... וועל איך דיך ערשט ריכטיג ליעב האָבען... כ׳וועל דיך אַזוי ליעב האָבען!...

זשערמען. אויך איך האָב דיך אָפֿט שלעכט געאורטהיילט... כ׳האָב דיך אויך ניט געקענט...

מאַדאַם לעשאַ (זעהר שנעל). נאַ... איצט אַז מען קען זיך איינע די אַנדערע...

זשערמען. צו שפּעט!...

מאַדאַם לעשאַ. מיין גאָט!... ווי איז דאָס מעגליך?... אַה! אַז מיר וואָלטען געלעבט אין אַ גאַנץ קליין הייזעל... וואָלט דאָס אַלעס גאָרנישט געקענט טרעפֿען... ס'איז אָט דער גרויסער שלאָס, זעהסט דו... אָט די גרויסע, קאַלטע, מאָדנע צימערן... אַלעס וואָס דאָ געפֿינט זיך... אָט דאָס מאַכט אַז מען זאָל ניט הערען ווי דאָס הארץ קלאַפּט... גאָט מיין גאָט!... וואָס פֿאַר אַ בייזע שטראָף איז דאָס אויף מיר!... גראָד אין דער רגע, ווען איך האָב צוריקגעפֿונען מיין טאָכטער, פֿערליר איך זי אויף אייביג... (זי שלוכצט זיך פֿונאַנדער.) כ'האָב געהאַט אַזויפֿיעל זאַכען דיר צו זאָגען... נאָר... איך ווייס ניט... איך ווייס ניט וואָס עס טהוט זיך מיט מיר... כ'פֿיהל אַזוי ווי אַ שווערע משא אין קאָפּ... כ'פֿיהל ווי אַ טומאַן פֿאַר די אויגען...

(זי דריקט צו איהר טאָכטער גאַנץ פֿעסט צום האַרצען.)

זשערמען. מאַמאַ, לאָז מיך געהן...

מאַדאַם לעשאַ. ניין, ניין... געה ניט אַוועק, מיין זיסינקע זשערמען... געה נאָך ניט אַוועק, כ'בעט דיך!... מאָרגען... שפּעטער... אין עטליכע טעג אַרום... אָה! לאָז מיך ניט אַליין היינט... לאָז מיך ניט איבער איינינקע אַליין היינט...

זשערמען. איך וויל ניט, דער פֿאָטער זאָל מיך דאָ געפֿינען... איך האָב מעהר ניט קיין האַס... לאָז מיך אַוועקגעהן פֿון דאנען אָהן האַס אין האַרצען...

(זי סטאַרעט זיך צו בעפֿרייען פֿון איהר מוטער'ס ווייכע און לאַסטשענדע אָרעמס.)

מאַדאַם לעשאַ. מיין גאָט!... מיין גאָט!... (מיט ביטערע טרעהרען.) דו ווערסט דאָך מיר שרייבען... זאָג מיר צו, אַז דו ווערסט מיר שרייבען... שווער עס מיר!...

זשערמען. כ'זאָג עס דיר צו... כ'שווער עס דיר...

מאַדאַם לעשאַ. און אויב דו פֿאָהרסט קיין פּאַריז... שיק מיר גלייך צו דיין אַדרעס...

זשערמען. יאָ, יאָ, מאַמאַ...

מאַדאַם לעשאַ. כ'וועל דיך קומען זעהן... אָפּט... מען

וועט עס ניט וויסען... כ'וועל עס קיינעם ניט זאָגען... און אַז דו וועסט חלילה ווערן קראַנק... מיין גאָט!... ס'איז דאָך ניט מעג־ליך... דו האָסט דאָך קיין געלד ניט... און ער... ער איז דאָך אויך קיין גביר ניט... ווי?... ווי וועסט דו פאָרט אויסקומען?... (זיך דערמאָנענדיג פּלוצלינג.) אַלזאָ... די דריי הונדערט פראַנק?...

זשערמען (מיט גרויס רחמנות). ניין, מיין אָרעמע מאַמאַ.

מאַדאַם לעשאַ. אַז דו וועסט עפּעס דאַרפען האָבען... שרייב מיר...

זשערמען. אַדיע, מאַמאַ!...

(נאָך אַ לאַנגע אומאַרמונג. זשערמען בעפרייט זיך, און זעהר גיך, לויפענדיג, געהט זי אַרויס.)

מאַדאַם לעשאַ. זשערמען!... זשערמען!... געה ניט אַוועק... געה ניט אַוועק!

(זי קוקט זיך אום אַרום זיך, זי איז אַזוי ווי דערשראָקען פון אַלעם, וואָס רינגעלט זי אַרום, און דערשלאָגען, תמ'עוואַטע, אָהן אַ געשריי, לאָזט זי זיך אַראָב צוריק אין פאָטעל... שטילשווייגען... ס'קומט אַריין לעשאַ.)

## אכטע סצענע.

### מאַדאַם לעשאַ, איזידאָר.

(איזידאָר קומט אַריין, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט, מיט אַ בייזער מיענע, מיט קרומע בליקען, ביידע הענד אין די הויזען-קעשענעס.)

מאַדאַם לעשא (ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ). זי איז שוין אַוועק...

איזידאָר. צום טייוועל!

מאַדאַם לעשאַ (אויפהויבענדיג די אויגען אויף איהר מאַן). און דאָס איז אַלעס וואָס דו האָסט צו זאָגען?...

איזידאָר (מיט אַ מיאוס'ען אויסדרוק). וואָס?...

מאַדאַם לעשאַ. רוף איהר דאָך צוריק... זאָג איהר עפּעס... שריי איהר נאָך עפּעס...

איזידאָר. לאָז מיך צופֿריעדען!

מאַדאַם לעשאַ (הויבט זיך אויף). נאַ, איך קען עס שוין אויך מעהר ניט אַריבערטראָגען... דאָס האַרץ ווערט מיר שיער ניט צופּלאַצט... אַלץ וואָס קומט איצט פֿאָר... איז דיין שולד... דו הערסט?... ס'איז דיין שולד... (זי לאָזט זיך אַרויסגעהן.)

איזידאָר. אַה! זאָג נאָר... דאַרפֿסט זיך גאָר ניט זשעני־רען... טאָמער ווילסט דו מיטגעהן מיט איהר... איז אַ גוטען טאָג...

מאַדאַם לעשאַ (דרעהט זיך אום מיט'ן פּנים צו איהם). אונמענש!... דו פֿערדיענסט, איך זאָל דיר ווירקליך פֿאָלגען...

איזידאָר. וואָס זשע, אַלע געגען מיר?... נאַ!... בעסער אַזוי... מיר ווען דאָ לאַכען, נישקשה!... (מאַדאַם לעשאַ געהט אַרויס.)

## ניינטע סצענע.

### איזידאָר, דאַן דער אויפֿזעהער.

(איזידאָר זעצט זיך אַנידער ביי זיין שרייב-טיש. ער פֿערטראַכט זיך אַ ווייל, דערנאָך וואַרפֿט ער אַרום פֿערשיעדענע פּאַפּירען ביי זיך אויף'ן שרייב-טיש.)

איזידאָר. אַה! הערר מאַרקיז!... (ער ציהט מיט די אַקסלען.) אַה! דו מיינסט ס'איז פֿאַרטיג?... נו, יאָ... מיר ווען לאַכען...

(ער שפּאַרט זיך אָן מיט די עלענבויגען אָן שרייב-טיש, דעם קאָפּ אין די הענד. ער זעהט אויס פֿערזונקען אין געדאַנקען און ווייט פֿון דעם אַלעם, וואָס רינגעלט איהם אַרום... דער אויפֿזעהער לויפֿט אַריין שנעל דורך דער טהיר פֿון קאַבינעט. ער איז זעהר צוטראָגען און דערשראָקען.)

דער אויפֿזעהער. מיין הערר!... מיין הערר!...

איזידאָר (זיך ניט אַ ריהר טהאָנדיג פֿון אָרט, מיט אַ שטימע, וואָס קלינגט אַזוי ווי פֿון ווייטען). וואָס איז געשעהן?...

דער אויפזעהער (קוים וואָס ער רעדט). אַן אונגליק... אַ שרעקליכעס אונגליק!...

איזידאָר (זיך נאָך אַלץ ניט ריהרענדיג פון אָרט). כ'פערוועהר דיר מיט מיר צו ריידען וועגען דעם... דאָס איז ניט דיין עסק...

דער אויפזעהער. אייער זוהן...

איזידאָר. מיין טאָכטער... דו דומקאָפ איינער...

דער אויפזעהער. ס'האַנדעלט זיך ניט וועגען אייער טאָכטער...

איזידאָר. זי איז אַוועק פון דאַנען... נו, יאָ...

דער אויפזעהער. אָה ניין, מיין הערר... אָה ניין...

איזידאָר. וואָס זשע, ביסט משוגע, צי וואָס?...

דער אויפזעהער. איהר פערשטעהט ניט, מיין הערר? אייער זוהן... (מיט אָנשטריינגונג.) דער הערר קסאַוויע...

איזידאָר. נו נו?...

דער אויפזעהער. ...איז דער'הרג'עט געוואָרען!...

איזידאָר (ער ריהרט זיך נאָך אַלץ ניט פון אָרט, נאָך אימער האַלטענדיג דעם קאָפ צווישען די הענד... אַ זעהר לאַנגע פויזע... ענדליך לאָזען זיך די הענד אַראָב. ער קוקט אָן דעם אויפזעהער מיט אַ מין ערשטוינונג, אָקוראַט ווי ער וואָלט געוועזען איבעררעַשט איהם צו געפינען דאָ). וואָס זאָגסט דו?...

דער אויפזעהער. דער הערר קסאַוויע איז דער'הרג'עט געוואָרען...

איזידאָר (גיט זיך אַ הויב מיט אימפעט און מיט איין שפרונג איז ער לעבען דעם אויפזעהער, ווען ער כאַפּט אָן ביים האַלז און בעהמט איהם ווערגען). וואָס האָסט דו געזאָגט... אידיאָט?... (דער אויפזעהער ראַנגעלט זיך.) עזעלקאָפ, דערוועגען זאָלסט דו זיך ווידערהאָלען נאָך אַמאָל דאָס וואָס דו האָסט אָקאָרשט געזאָגט...

דער אויפזעהער (מיט אַ הייזעריגער, פערשטיקטער שטימע). לאָזט מיך אָב, מיין הערר... לאָזט מיך אָב...

איזידאָר (נאָכדעם ווי ער לאָזט אָב דעם אויפזעהער). נאַ... רייד!...

(אין דער צייט וואָס דער אויפזעהער רעדט, ווערן איזידאָר'ס אויגען אַלץ גרעסער און גרעסער פון שרעק. זיין פיזיאָנאָמיע בייט זיך אין גאַנצען.)

**דער אויפזעהער** (מיט אָבגעהאַקטע ווערטער). אַרויסגע־העגדיג... פון מאַרעקוּר... האָט זיך דעם הערר קסאַוויע'ס אָטאָמאָביל... וועלכער איז געלאָפען מיט דער גרעסטער שנעל־קייט... איבערגעקעהרט... הערר קסאַוויע... איז אַרויסגעשליידערט געוואָרען... מיט אַזאַ קראַפט... אויף דער וואַנד פון גאַדאָ'ס קאַפע־הויז... אַז ער איז צודריקט געוואָרען... ער איז דער'הרג'עט געוואָרען... אויף'ן שטעל!...

**איזידאָר** (ציטערענדיג, דערשראָקען, דאָס מויל כמעט אָבגענומען, מיט גרימאַסען פון אַפּאָפּלעקציע). וו—וו—אָס... (זיין מויל איז אָפען, נאָר עס קומט קיין שום קלאַנג ניט אַרויס פון דאָרט.)

**דער אויפזעהער.** דעם הערצאָג'ס זוהן האָט געזעהן דאָס אונגליק... און איז געקומען אויף אַ פערד... ברייגגען די שרעקליכע בשורה...

**איזידאָר.** דעם... דעם...

(זיינע ליפען צוקייען עטליכע ווערטער, וועלכע מען הערט ניט.)

**דער אויפזעהער.** מען ברייגגט הערר קסאַוויע'ס קער־פער... ער וועט זיין דאָ... אין צעהן מינוט אַרום...

(איזידאָר קען מעהר ניט ריידען. ער האָט אויפגעבונדען זיין קראַוואַט, צובראָכען דאָס קנעפעל פון זיין העמד, אויפגעדעקט דעם אויבערשטען טהייל פון זיין ברוסט. דאָס מויל אָפען, זוכט ער לופט. זיין אויפגעשפּילעטער, אויפגעהויבענער קאָלנער מאַכט איהם צוויי ווייסע הערנער אויף די באַקען. קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס. מיט דער הילף פון'ם אויפזעהער לאָזט ער זיך אַראָב אין אַ פאָטעל; און פלוצלינג צוּוויינט ער זיך אויף'ן קול.)

**דער אויפזעהער.** מיין הערר...

**איזידאָר** (נאָך עטליכע סעקונדען, מיט אַ ציטערענדער שטימע, קוים וואָס מען הערט זי). כ'האָב אַלעס פערלאָרען... אין איין טאָג... כ'האָב אַלעס פערלאָרען!... (ער כאַפּט אָב דעם אָטהעם.) און... מאַדאַם?...

**דער אויפזעהער.** כ'האָב ניט געזעהן...

איזידאָר. יאָ... יאָ!... (פויזע.) אין איין טאָג!... (נאָך אַ פויזע.) לופֿט... גיב מיר לופֿט... כ׳ווער דערשטיקט...

(דער אויפֿזעהער געהט עפֿענען אַ פֿענסטער. דערנאָך העלפֿט ער איזידאָר׳ן צושלעפּען זיך צום פֿענסטער. איזידאָר ציהט מיט אַלע כוחות אַריין לופֿט אין זיך.)

דער אויפֿזעהער. נו, מיין הערר?...

איזידאָר. יאָ... ס׳געהט... ס׳געהט בעסער... (פויזע. — ער ציהט ווידער אַריין אין זיך לופֿט.) אַצונד... בין איך שטאַרק... כ׳וויל געהן אַהין...

דער אויפֿזעהער. איהר זייט נאָך ניט אים שטאַנד... מיין הערר...

איזידאָר. יאָ... יאָ... ס׳איז פֿאַרטיג... כ׳וויל געהן אַהין...

(ער מאַכט עטליכע טריט, דער אויפֿזעהער וויל איהם אונטערהאַלטען.)

ניין... לאָז מיך... איך בין שטאַרק...

(ער געהט מיט וואַקעלדיגע טריט. ס׳עפֿענט זיך די טהיר און עס קומען אַריין פֿינק און גרוג.)

## צעהנטע סצענע.

איזידאָר, פֿינק, גרוג, דער אויפֿזעהער, דאַן אַ משרת.

דער אויפֿזעהער. זעצט זיך צו אַביסעל, מיין הערר... איהר זעהט דאָך שוין, אַז איהר קענט ניט...

(ער טראָגט צו לעשאַ׳ן אַ פֿאָטעל. פֿינק און גרוג, מיט פֿעראומערטע פנים׳ער, זעצען זיך אַנידער יעדער איינער ביי די זייטען פֿון דעם פֿאָטעל.)

גרוג. אַה! וואָס פֿאַר אַן אונגליק!

פֿינק. מיר ברייגגען אייך אונזער סימפּאַטהיע... אונזער שמערצליכע סימפּאַטהיע...

איזידאָר. אַה! מיינע פֿריינד... מיינע ליעבע פֿריינד...

פינק. אייערע שותפים...

איזידאָר. מיינע ליעבע שותפים...

גרוג. אַזוי יונג!...

פינק. און אַזאַ צוקונפט!...

גרוג. ס'איז שרעקליך...

איזידאָר. כ'האָב אַלעס פערלאָרען... אין איין טאָג...

פינק. מיר וואָלטען אייך געוואָלט טרייסטען... נאָר אַך!... פאַר אַזאַ'ן אונגליק, איז ניטאָ קיין טרייסט...

איזידאָר. אין איין טאָג!...

פינק. אַזאַ שעהנער יונגער מאַן!... (איזידאָר שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ.) און... ערשט איצט איז ער דאָ געוועזן... אַזוי פול מיט לעבען... אַזוי פרעהלאַך... אַזוי רייצענד!...

איזידאָר. מיינע ליעבע פריינד...

גרוג. איהר האָט איהם אַזוי ליעב געהאַט!... אַה!... איהר האָט עס ניט פערדיענט...

איזידאָר (אויסשטרעקענדיג זיינע הענד צו גרוג'ן און צו פינק'ן). מיינע ליעבע פריינד!...

גרוג. קוראַזש! איהר טהאָרט זיך ניט אַזוי אָבלאָזען.

איזידאָר. אַה!... איצט!...

(מען זעהט, אַז גרוג און פינק האָבען שוין מעהר קיין ווערטער ניט. זיי קוקען זיך אָן, ווינקען זיך איבער איינער דעם אַנדערן, אַ קורצעס שטילשוויינען.)

פינק. ניט נעהמט פאַר אומגוט, מיין הערר... אויב מיר זיינען געצוואונגען איבערצושלאָגען אַ רגע אייער טרויער...

גרוג. פערשטעהט זיך... מיר וויסען, אַז דאָס איז ניט די צייט פאַר געשעפטען... איצט... (ער נעהמט אַרויס פון טאַש צוויי פאַפירען, וועלכע ער נעהמט פונאַנדער.) און ווען מיר וואָלטען ניט געמוזט אָבפאָהרען היינט... מעגט איהר אונז גלויבען, אַז...

(איזידאָר נעהמט ניט אַראָב קיין אויג פון גרוג'ן און פינק'ן. גרוג דערלאַנגט איהם די צוויי פאַפירען.)

פֿ י נ ק. דער פּראָוויזאָרישער קאָנטראַקט, וואָס איהר האָט אונז געבעטען אָנשרייבען... (איזידאָר שווייגט.) איהר קענט זיך דערמאָנען ?...

א י ז י ד אָ ר. ניין... ניין... ניט היינט... לאָזט מיך צורוה...

(ער נעהמט ניט אַראָב קיין אויג פֿון זיי.)

ג ר ו ג. מיר ערלויבען זיך צושטעהן...

א י ז י ד אָ ר. ניין... ניין... לאָזט מיך צורוה...

פֿ י נ ק. ס'איז, הייסט עס...

(גרוג לייגט איבער אַ נייעס פֿאָר די צוויי בויגען פּאַפּיר.)

א י ז י ד אָ ר (נאָך אַ פּויזע. מיט אַ שרעקליכער פיגור). גוט... גיט אַהער...

(ער טהוט אַ כאַפּ די פּאַפּירען.)

ג ר ו ג. מיר האָבען זיך געהאַלטען גענוי ביי אייער פֿערלאַנג...

פֿ י נ ק. גאַנץ גענוי...

א י ז י ד אָ ר (ער לייענט; זיין האַנד ציטערט. פֿון צייט צו צייט טראָגט ער צו די האַנד צום האַלז. נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעלייענט, קוקט ער אָן זיינע שותפים מיט אַ שרעקליכען בליק. ביז'ן סוף פֿון דער סצענע בלייבט זיין שטימע טעמפּ און ציטערענדיג.) איהר זייט זשוליקעס...

פֿ י נ ק. וואָס הייסט ?...

א י ז י ד אָ ר. גנבים !...

ג ר ו ג. וואָס זשע...

א י ז י ד אָ ר. איהר האָט זיך בענוצט מיט מיין שוואַכקייט... איהר האָט שפּעקולירט אויף מיין שמערץ...

(ער הויבט זיך אויף און געהט צו צו זיין שרייב-טיש, נאָך אַלץ מיט אונזיכערע טריט.)

ג ר ו ג. איך פֿערשטעה ניט...

א י ז י ד אָ ר. קומט אַהער...

פֿ י נ ק. מיר האָבען, הייסט עס, פֿערגעסען וואָס עס איז ?...

א י ז י ד אָ ר. קומט אַהער !... (ער לייגט אַוועק לעבען יעדען פֿון זיי איינעם פֿון די בויגענס, גיט יעדען איינעם אַ פֿעדער.) אַ צייכען דאָ...

(ער ווייזט אָן מיט'ן פֿינגער דעם פּלאַץ, וואו צו מאַכען דעם צייכען.) שרייבט!... (פֿינק און גרוג זיינען זיך מיישב וואָס צו טהאָן. מיט אַ טעמפּערער שטימע.) שרייבט! (ער דיקטירט.) „העררע איזידאָר לעשאַ... זאָל האָבען אויסשליסליך ביי זיך אין די הענד... די פֿינאַנציעלע פֿיהרונג און די קאָמערציעלע אַדמיניסטראַציע... פֿון דעם דער־מאָנטען געשעפֿט... אָהן דעם, אַז העררע גרוג און העררע פֿינק... וועלכע זאָגען זיך פֿרייוויליג אָב... פֿון אַלע זייערע רעכטע אין דעם פּרט..." (גרוג און פֿינק הויבען אויף דעם קאָפּ, הערען אויף שריי-בען.) שרייבט!... (ער דיקטירט ווייטער.) וועלכע זאָגען זיך אָב פֿון אַלע זייערע רעכטע אין דעם פּרט... זאָלען זיך קענען אַריינמישען אויף וואָס פֿאַר עס איז אופֿן... און אָהן דעם, אַז זיי זאָלען קענען זיין געגען וואָס פֿאַר עס איז קאָמבינאַציע..."

(אַ משרת לויפֿט אַריין מיט אימפּעט אין צימער.)

ד ע ר מ ש ר ת (צומישט). מיין העדר... מען ברייננט דעם העדר קסאַוויע'ס קערפּער... די מאַדאַם האָט גע'חליש'ט... און זי ליגט נאָך אין אונמאַכט... אין גרויסען סאַלאָן...

ד ע ר א ו י פֿ ז ע ה ע ר (מיט געבעט). מיין העדר!...

א י ז י ד אָ ר (זיין שטימע איז נאָך ערגער געוואָרען, כדי ניט אומ-צופֿאַלען, האַלט ער זיך אָן מיטביידע הענד אָן שרייב-טיש). איך קום... איך קום... (דער אויפֿזעהער און דער משרת געהען אַרויס. ער הויבט ווידער אָן דיקטירען.) „געגען וואָס פֿאַר עס איז קאָמבינאַציע... וואָס העררע איזידאָר לעשאַ אַליין... וועט געפֿינען ניצליך... פֿאַר'ן גע־שעפֿט"... דאָס איז אַלעס... אַ שטריך... דאָ... שרייבט זיך אונטער!... (גרוג און פֿינק שרייבען אונטער זייערע נעמען.) גיט אַהער!... (איזידאָר טהוט אַ כאַפּ די צוויי פּאַפּירען, לייענט זיי דורך, שרייבט אויך אונטער זיין נאָמען, גיט איבער איין עקזעמפּלאַר פֿינק'ן. דערנאָך בויגט ער צונויף זיינעם, לייגט איהם אַריין אין קעשענע, און ניט בעגריסענדיג, מיט וואַקעלדיגע פֿיס, לאָזט ער זיך געהן צום טהיר, זיך אָנשפּאַרענדיג אָן די מעבעל פֿון צימער. די צוויי אינזשענירען קוקען איהם נאָך, איבערראַשטע,

דערשלאָגענע, צודריקטע, און געפֿינען ניט קיין וואָרט צו זאָגען, קיין איין מיענע צו מאַכען. זיי בלייבען פֿערגליווערט פֿון שרעק. איזידאָר געהט אַרויס פֿון צימער. די צוויי אינזשענירען, וועלכע בלייבען אַליין אויף דער ביהנע, שטעהען נאָך אַלץ שטומערהייט און ריהרען זיך ניט פֿון אָרט. מיט אויס־געגלאָצטע אויגען, מיט אָן אָפֿענעם מויל, קענען זיי ניט אָברייסען זייערע בליקען פֿון דער טהיר, וואו איזידאָר איז פֿערשוואונדען.)

פֿ אָ ר ה אַ נ ג.

אין מיין פֿערלאַג דרוקט זיך און ווערט אָנפֿאַנגען צו ערשיינען אין קורצען

# בערנשטיין'ס נאַטור־וויסענשאַפֿט

אין 30 ביכער.

דאָס ערשטע בוך ווערט ענטהאַלטען פֿאָלגענדע קאַפּיטלען:

## די געשווינדקייט:

די געשווינדקייט פֿון די נאַטור־קרעפֿטען. — ווי אַזוי קען מען מעסטען די געשווינדקייט פֿון דעם עלעקטרישען שטראָם?

## די שווערקייט פֿון דער ערד:

וויפֿיעל פֿונט וועגט די גאַנצע ערד? — דער פֿערזוך צו וועגען די ערד. — די בעשרייבונג פֿון'ם עקספּערימענט צו וועגען די ערד.—

## דאס ליכט און די וויטקייט:

עטוואָס איבער בעלייכטונג. — ווי די זונן בעלייכט די פּלאַנעטען.

## מבח דער וועטער־לעהרע:

עטוואָס איבער'ן וועטער. — דער וועטער זומער און ווינ־טער. — די לופֿט־שטרעמונגען און דאָס וועטער. — די פֿעסטע כללים פֿון דער וועטער־לעהרע. — די לופֿט און דאָס וואַסער אין בעציהונג צום וועטער. — טומאַן, וואָלקען, רעגען און שנעע. — ווי אַזוי וואַרעמקייט ווערט געבונדען און ווי זי ווערט פֿריי. — די געבונדענע וואַרעמקייט מאַכט קאַלט, די פֿרייע וואַרעמקייט מאַכט וואַרם. — וועטער־רעגלען און זייערע שטע־רונגען. — די שוועריגקייט און די מעגליכקייט פֿאָראויסצוזאָגען דאָס וועטער. — די וועטער־נביאים. — די וועטער-קאַרטען און זייער אָנווענדונג. — האָט די לבנה אַן איינפֿלוס אויף דאָס וועטער?

## מכח דער בליהונג און דער פרוכט:

דאָס בלומען־רייך און דער מענש. — די פֿערמעהרונג דורך טהיילונג. — די געשלעכטליכע פֿערמעהרונג. — בלומען און בליטהען. — ווי אַזוי בליטהען זיינען געבויט. — די בעשטויבונג. — די אינזעקטען־בליטהען אָדער בלומען. — ביישפּיעלען צו ערקלעהרען ווי אַזוי עס קומט פֿאָר די בעשטויבונג ביי די בלומען. — וואַסער־בלומען. — ווינד־בלומען. — ווער האָט ענטדעקט די סודות פֿון די בלומען? — די בעדייטונג פֿון דער בעפֿרוכטונג. — עטוואָס מכח די פֿרוכטען און זייער קולטיווירונג.—

## די נאהרונגס־מיטלען פאר דאס פאלק:

די אָבוועקסלונג פֿון די נאַהרונגס־מיטלען. — די פֿערדייאונג. — קאַפֿע. — ניצליכקייט און שעדליכקייט פֿון קאַפֿע. — דער איבערבייסען. — בראַנפֿען. — געפֿאַהרען פֿון׳ם בראַנפֿען. — דער אָרעמאַן און דער בראַנפֿען. — די פֿאָלגען פֿון שכרות און ווי זיך אויסצוהיטען. — דער מיטאָג. — נויטווענדיגקייט פֿון פֿערשיעדענאַרטיגסטע מאכלים. — פֿלייש־זופּ. — צוועקמעסיגע צוגאָב צו דער פֿלייש־זופּ. — הילזען־פֿרוכטען. — גרינוואַרג און פֿלייש. — אַ דרעמעל נאָך׳ן מיטאָג. — וואַסער און ביער. — וועטשערע.

### דאס ערשטע בוך וועט ענטהאלטען 26 אילוסטראציעס מיט אן ערקלעהרונג פון פערשיעדענע וויסענשאפטליכע ווערטער.

---